א. זארעצקי

# שפראך

## ארבעטבוך פארן ערשטן קאָנצענטער

## בוך פארן לערער

דערלויבט פון דער קאָמיסיע פארן נאצמינד-בוך
באם הויפטסאָצדערץ פון פאָלקאָמבילד פון רספסר.

צענטראלער פעלקער-פארלאג פון פ. ס. ר.
מאָסקווע — כארקאָוו — מינסק 1930

# אינהאלט

דער בוך אנטהאלט, אכוץ ספעציעלע אָנווייַזן צום באנוץ פון די אר-בעט-ביכער „שפראך" פארן II,‏ III און IV לערניאָר, איינציקע אלגעמיין מע-טאָדישע קאפיטלען. דאָס זייַנען סוראָגאטן (לויטן פארנעם). מער געבן האָב איך ניט געקענט איבער ענגשאפט אין אָרט. איך מיין, אז בא דער אָפּוועזנהייט פון מעטאָדישער ליטעראטור אף יידיש איז דאָס בעסער ווי גאָרניט.

א רוימישע ציפער צוזאמען מיט אן אראבישער (אין קלאמערן) שיקט אָפּ צום געהעריקן לערניאָר (רוימישע ציפער) און לימעד אָדער ארבעט (ארא-בישע ציפער).

איך וואָלט געוואָלט, די לערער זאָלן קוקן אפן ארבעטבוך ווי אף א פרוּווּבוך, וואָס ווערט רערוויַיל דורכגעלאָזן דורך דער שול, קעדיי אויסגעפי-נען זייַנע כעסרוינעס. דעריבער איז טאקע בייטיק, די לערער זאָלן אָנווייַזן, (פריוואט מיר אָדער עפנטלעך), וואָס מע וועט דארפן אין די ווייַטערדיקע אופלאגעס פארבעסערן. דער „בריוו צום אווטאָר" אין סאָף III און IV לערניאָר דארף זייַן ניט נאָר א טייל פון דער שפראך-ארבעט, נאָר טאקע אן עמעסע רעצענזיע (פון די עילער צוזאמען מיטן לערער) איבערן בוך.

**א. זארעצקי**

מאָסקווע, מיי 1929.

# I. צוועק פונעם שפּראַכלימעד

**1.** ס'איז ניט איין מאָל געשטעלט געוואָרן די פראַגע: צו וואָס דאַרף מען לערנען אין שול שפּראַך (און ספּעציעל גראַמאַטיק), וויבאַלד, אַז ריכטיק ריידן לערנט מען זיך אויס אָן דעם שול-לימעד אויך? דערויף ענטפערט מען פאַר-שיידן. די וויכטיקסטע צוויי מאָטיוון, פאַרוואָס מע דאַרף לערנען שפּראַך אין שול, זיינען:

1) אָן אַ ספּעציעלן לימעד קען מען זיך אויך אויסלערנען די שפּראַך, אָבער ניט אַזוי גיך און גרינג, ווי דורכן שול-לימעד.

2) ן אַ ספּעציעלן לימעד לערנט מען זיך אויס די אַרומיקע, היימישע שפּראַך, אָבער ניט די ליטעראַרישע, באַזונדערס די שריפטשפּראַך. אין שול לערנט מען אייגנטלעך אַ פרעמדע שפּראַך—די ליטעראַרישע שפּראַך, וואָס פאַלט ניט צוזאַמען מיטן היימישן דיאַלעקט.

**2.** די שפּראַך פון דער ליטעראַטור פאַלט ניט צונויף מיט דעם אָדער יע-נעם דיאַלעקט. זי איז „איינהייטלעך" פאַר אַלע געגנטן, שטייענדיק אין אַ גע-וויסן זינען „איבער" די דיאַלעקטן.

די ליטעראַרישע שפּראַך האָט „נאָרמעס", בייס די דיאַלעקטן האָבן נאָר געזעצן. אַ נאָרמע ווייזט, ווי מע מעג און ווי מע טאָר ניט ריידן, שרייבן (אַ יורידישער געזעץ איז אַ נאָרמע), בייס אַ געזעץ אין נאַטורוויסנשאַפטלעכן זינען ווייזט נאָר אַ שטענדיקע פאַרבינדונג צווישן דערשיינונגען. די גראַמאַ-טיק, אַשטייגער, פון אַ דיאַלעקט איז אַ „באַשרייבערישע גראַמאַטיק": זי ווייזט, וועלכע פאָרמעס זיינען פאַראַן אין דעם דיאַלעקט. די גראַמאַטיק פון דער ליטעראַרישער שפּראַך איז אין עצעם אַ נאָרמאַטיווע גראַמאַטיק: זי לערנט, וועלכע פאָרמעס און וויאַזוי מע מעג באַנוצן. די פראַגע וועגן „ריכ-טיקייט" קען שטיין נאָר בא דער ליטעראַרישער שפּראַך, ניט בא אַ דיאַלעקט. דער ליטוואַק רעדט ניט ניט-ריכטיק, ווען ער זאָגט: „איך האָב דיר געזען"; נאָר ווען ער פּרעטענדירט ריידן ליטעראַריש, איז אַזאַ פאַזע ניט ריכטיק: די נאָרמאַטיווע גראַמאַטיק פאָדערט די קאָנסטרוקציע „איך האָב דיך געזען".

די ליטעראַרישע שפּראַך שטעלט פאָר אַ העכערן טיפּ שפּראַך ווי דער דיאַלעקט. זי איז רייכער אין ווערטער, פאָרמעס, באַזונדערס, אין העכערע סינטאַקסישע פאָרמעס.

די ליטעראַרישע שפּראַך איז ניט אין אַלע הינזיכטן גלייך באַאַרבעט. פעסטערע נאָרמעס עקזיסטירן אין גראַמאַטיק, שוואַכערע אין לעקסיק, און די

ליטעראַרישע אויסשפּראַך (אָרטאָעפּיע) האלט נאָך קימאט באם אָנהייב פון איר עקזיסטענץ.

3. די וויכטיקסטע גראמאטישע אונטערשיידן צווישן דער ליטעראַרישער שפּראַך און דיאַלעקטן זײַנען די עקזיסטענץ פונעם אקוזאטיוו און פונעם דריטן מין. אין די ביידע פונקטן גייט די ליטעראַרישע שפּראַך קעגן דעם ליטווישן דיאַלעקט.

בענעגייע גראמאטיק דאַרף מען אָבער איינזינען האָבן, אַז אַף וויפל דער אקוזאטיוו איז וויכטיק פאַר דער שפּראַך (וואָרעם ער שיקט מיך און ער שיקט מיר זײַנען גאָר באזונדערע זאכן), אַף אזויפיל איז דער דריטער מין, ווי דער מין ביכלאל, אַן איבעריקע זאַך אין דער שפּראַך, וואָרעם פאַר דער פּינקטלעכקײַט און זיכערקײַט פון דער פאַרשטאנדיקונג איז פּרינציפּיעל אַלציינס, צי זאָגן דאָס שטעטל צי די שטעטל. דעריבער דאַרף מען אַפּן אקוזאטיוו לייגן מער אכט, ווי אַפּן מין. בענעגייע דעם מין איז גענוג, אַז די ליטווישע קינדער זאָלן וויסן, וואָס באטײַט „דאָס שטעטל״, פאַרוואָס שרײַבט מען „אין דעם שטעטל״, אָבער אליין מעגן זיי בלייבן בא זייער דיאַלעקט. אקוזאטיוו אָבער דאַרפן זיי ביסלעכווײַז באהערשן און אײַנפירן אין זייער אייגענער שפּראַך. (אין די ערשטע 4 לערניאָר איז עס נאָך ניט דערגרייכלעך).

אינעם ארבעטבוך האָט דידאַקזיקע באציִונג צום מין ניט געקענט געפינען קײַן גענוג העלע אָפּשפּיגלונג, וואָרעם ער איז באשטימט פאַר שולן פון פאַרשיידענע געגנטן. דער לערער דאַרף אָבער וויסן, אַז ליטווישע קינדער מעגן זאָגן „א פּורל פאַרטשעפּעט א צווייטע״ (II 9), „א גרינע פעלד״ (II 58) „א נאסלעכע בלעטל״ (II 63) א. ד. גל. דאָס איז שײַעך נאָר צו זייער רייד און שריפט — באם לייענען אָבער דאַרף מען לייענען די פאָרמע, וואָס איז געדרוקט אין בוך.

דאס איז שײַעך אויך צו אייניקע גראמאטישע פאָרמעס, וואָס זײַנען נאָך ניט פעסטגעשטעלט: צ. ב. אָנשטאָט „העגדלערס״ (II 9) מעגן די קינדער, אין רייד און שריפט, באנוצן „העגדלער״, אויב זיי איז די צווייטע פאָרמע נעענטער.

4. בענעגייע לעקסיק דאַרף מען געדענקען, אַז פאַראַן אסאַך אזעלכע גרופּעס, ווי דעמאָלט—דענסטמאָל—יעמאָלט, אינדיק—ענדיק, אצינד—אצונד—אצינדער, ווו דערזעלביקער וואָרט האָט פאַרשיידענע (מיסטאם דיאַלעקטישע) קלאַנגלעכע געשטאלטן. אין אזעלכע פאַלן דאַרף דער לערער דערלאָזן (אין רייד און שריפט, אָבער ניט באם לייענען פון בוך) אַלע פאָרמעס, ד. ה. יעדער שילער מעג באנוצן די, וואָס איז אים נעענטער. דאָס אייגנס איז שײַעך אויך צו אזעלכע פאַלן, ווי קו—בעהיימע, פאַראַכאָד—דאַמפּער, דאַמפּשיף. ערשט אין סאָף פערטן יאָר ווערט געשטעלט די פראַגע וועגן פּראָווינציאַליזמען, און אין II קאָנצענטער וועלן זיך די שילער לערנען אונטערשיידן ליטעראַרישע לעקסיק פון דיאַלעקטישער.

5. די נאָרמע פון ליטעראַרישער אויסשפּראַך הייסט אָרטאָעפּיע („ריכטיק-ריידונג״, ווי אָרטאָגראַפּיע — „ריכטיק-שרײַבונג״). קיין ייִדישע אָרטאָעפּיע, אַלס אַן אויסגעאַרבעטע און רעגלאַמענטירטע סיסטעם, איז נאָך ניטאָ.

וועגן דער נייטיקייט און מעגלעכקייט פון אָרטאָעפּיע זײַנען פאַראַן פאַרשיידענע מיינונגען. לעטויוועס אַן אָרטאָעפּיע קאָן מען אָנווײַזן דידאַקטיקע מאָטיוון:

1) זי וועט פאַרברייטערן דעם ווירקונגקרײַז פון דער גערעדטער רייד (עפנטלעכע רייד פאַר אַ מאַסע פון פאַרשיירענע דיִאַלעקטן; ראַדיִאָ).

2) זי איז נייטיק פאַרן טעאַטער.

3) זי וועט פאַרגרינגערן דעם שפּראַכלימעד אין שול.

4) די שריפט וועט קענען זײַן ניט אינטערדיִאַלעקטיש, נאָר פאָנעטיש (בעגייע דער ליטעראַרישער אויסשפּראַך).

די וויכטיקסטע מאָטיוון קעגן אָרטאָעפּיע:

1) עס צווינגט ברעכן דעם קינדס דיִאַלעקט.

2) ס'וועט שווער זיין זיך אופריידן וועגן די נאָרמעס פון אָרטאָעפּיע.

3) ס'וועט שווער זײַן זי פאַרווירקלעכן.

איך האַלט, אַז זיך יאָגן נאָך פולער איינהײַטלעכקײַט אין אויסשפּראַך לוינט ניט. מע דאַרף האָבן צוויי אָרטאָעפּיעס — אַ מינימאַלע און מאַקסימאַלע. איך מיין, אַז די שול וועט אויספּיקן איר כיוו, אויב זי וועט אויסלערנען דעם שילער ר ײ ד ן מיט דער מינימאַלער אָרטאָעפּיע און ק ע נ ע ן ר ײ ד ן מיט דער מאַקסימאַלער אָרטאָעפּיע. (אי דאָס איז עס אַ זאַך ניט פאַרן פּיריאָריקן I קאָנצענטער, נאָר פאַר דער זיבניאָריקער שול).

6. אין וואָס-זשע זאָל באַשטיין יעדערע פון די צוויי אָרטאָעפּיעס? די מאַקסימאַלע אָרטאָעפּיע דאַרף הייסן — ריידן לויט דער אינטערדיִאַלעקטישער שריפט *, צ. ב. זאָגן קומען (ניט קימען), טאָג (ניט טוג), טעג (ניט טעיג), לויפן (ניט לייפן), שוסטער (ניט סוסטער) א. א. וו.

אַזוי דאַרף דער לערער דיקטירן אַ דיקטאַט; אַזוי דאַרף ער דיקטירן צום פאַרשרײַבן אַפן טאָוול; אַזוי דאַרפן די שילער פאָרלייענען פון בוך אָדער דעקלאַמירן אַ געדיכט. עפּשער איז געוווּנטשן, אַז אַזוי זאָל דער לערער ריידן. מע דאַרף אָבער ניט פאָדערן, אַז אַזוי זאָלן די שילער ריידן (ווען זיי ריידן — ניט ווען זיי לייענען פון בוך).

מעגלעך אָבער, אַז פאַר אַ קלאַס, וווּ ס'איז פאָרגעשטעלט נאָר איין דיִאַלעקט, דאַרף מען פון די פאָדערונגען עפּעס אַראָפּלאָזן.

באַ דער מינימאַלער אָרטאָעפּיע מעגן די שילער זאָגן: קומען און קימען, טאָג און טוג, טעג און טעיג, אַרבעט און האַרבעט, פרײַהײַט און פרײַאײַט.

* דאָס איז ניט שײַעך צו יענע פאַלן, ווען די שריפט קלײַבט ניט אויס די אָדער יענע דיִאַלעקטישע פאָרמע, נאָר זי גייט קעגן אַלע דיִאַלעקטן

לויפן און לייפן, פריילעך און פריילאך, לעוואָנע—ליוואָנע—לייוואָנע *. זיי מעגן ארויסריידן האַרטע אָדער ווייכע קאָנסאָנאנטן אין ווערטער ווי דיר (dir, d'ir) גוטינקער א. ד. ג. זיי מענן זאָגן מי גייט, סי גייט א רעגן א. א. (א פולן צעטל דארף מען נאָך ערשט אופשטעלן).

זיי דארפן אָבער ניט זאָגן: סוסטער, זשיבעטשיק; עסון, לעפול, גאָוד (גאָלד); טוב (טויב); אוס (אויס); טאָטע (טאטע) א. א.

מע קאָן עס פאָרמולירן אזוי: ענגע פראָווינציאַליזמען ווערן אויסגעראָטן, ברייטע דיאַלעקטיזמען מעגן בלײַבן.

עס דארפן בלײַבן, אפילע בא דער מאקסימאלער אָרטאָעפיע, אייניקע דובלעטן: קענען—קאָנען, ניט—נישט, ריידן—רעדן, **געבאָרן**—געבוירן, לעבן — לעם א. א. (א צעטל פון די דובלעטן דארף מען נאָך אופשטעלן) **.

7. דאָס איז אלץ וועגן דיאַלעקטישע אונטערשיידן אין אויסשפראך. פאַראן אָבער נאָך אנדערע דערשײַנונגען, ניט קיין דיאַלעקטישע, וואָס האָבן אויך צו טאָן מיט אָרטאָעפיע:

1) ווען די שריפט גייט קעגן יעדן דיאַלעקט, דארף מען ריידן ניט לויט דער שריפט, נאָר לויט דיאַלעקט: טרעגצעך אָדער טרעפצאך, ניט treft zix. עפשער איז אהער שײַעך אויך דער פרעפיקס גע, וואָס דארף זיך לייענען גי, צ. ב. געגומען (ginumen).

זעלבסטפארשטאנדיק, אז מע דארף ניט זאָגן ojfgejn, frejlix (לויט דער אלטער אָרטאָגראפיע).

2) די געקירצטע פאָרמעס: „איכל גיין, דוסט זען, מע האָטן געכאפט" זײַנען אבסאָליוט געזעצלעך (פונקט ווי „צום בארג", „אונטערן טיש") און מעגן באנוצט ווערן אין רייד און אין שריפט. באם לייענען דארף מען זיך, פארשטייט זיך, האלטן באם טעקסט.

3) (שוין אפן גרענעץ פון אָרטאָעפיע און לעקסיק). די פארוסישטע פאָרמעס פון אינטערנאציאָנאלע ווערטער, ווי גאָריזאָנט, גיגיעניע, אָרפאָגראפיע, יעווראָפע, כאַראַקטיער, פאריזש—זײַנען ניט ליטעראריש. סײַ אין דער מאקסימאלער, סײַ אין דער מינימאלער אָרטאָעפיע דארף דאָ גילטן די שריפטלעכע פאָרמע: האָריזאָנט, אייראָפע א. א. וו.

8. בענעגייע דער באציִנג צווישן דער היימישער און דער ליטערארישער שפראך קאָנען זײַן צוויי עקסטרע מיטעטן,ביידע שעדלעך:

1) באלד ווי דאָס קינד קומט אין שול—אָנהייבן אים לערנען די ליטעראַרישע שפראך, ד. ה. אריבערטראָגן קימאט אין א נײַער שפראכסוויווע. דאָס איז שעדלעך מעטאָדיש.

---

* פארשטייט זיך, אז דאָ האנדלט זיך וועגן גאנצע קאטעגאָריעס, פאָרגעשטעלט, צוליב קורצקײַט, דורך בײַשפילן.

** לייענענדיק פון בוך, דארף מען אין אזעלכע פאלן לייענען, ווי ס'איז געדרוקט, אָבער אליין ריידן און שרײַבן מעג מען אי אזוי אי אזוי.

2) די גאנצע שולצײַט לערנען נאָר די היימישע שפראך, דעם דיאַלעקט. דאָס איז שעדלעך פראקטיש.

מע דארף אין אָנהייב שול-צײַט זיך שטיצן אפן שילערס היימישער שפראך (עמעס, אין א שול מיט געמישטע דיאַלעקטן איז עס שווער) און ביסלעכווײַז אריבערפירן די שילער צו דער ליטעראַרישער שפראך (באזונדערס—צו דער ליטעראַרישער גראמאטיק, ווײַטער—צו דער לעקסיק, ווייניקער וויכטיק איז די אויסשפראך).

9. דער צוועק פון דעם שפראכלימעד אין שול איז אלזאָ: בארײַכערן, אנטוויקלען, פארגענויערן די לעבעדיקע שפראך (אין ריידן און אין הערן) און אויסלערנען באַנוצן די שריפטלעכע שפראך (אין לייענען און אין שרײַבן).

די שול דארף אויסלערנען דעם שילער ריידן און שרײַבן אזוי, אז יענער זאָל אים פארשטיין גרינג און זיכער.

זי דארף אויסלערנען גרינג און זיכער פארשטיין יענעם (אויב יענער רעדט און שרײַבט ריכטיק).

אכוצן פראקטישן צוועק פון שפראכלימעד, פאָרמולירט מען נאָך אָפטמאָל צוויי אנדערע צוועקן:

1) דערלערנען די שפראך, אלס נאטור- און קולטור-דערשיינונג, ד. ה. באקומען א וויסנשאפטלעכן באגריף וועגן דער שפראך, אומאָפּהענגיק פון איר פראקטישן באנוץ;

2) זיך אויסלערנען נאָכמערקן (אכט געבן) די שפראך, זיך אויסלערנען אליין זיך פאנאַנדערקלײַבן אין אירע פאקטן.

ליידער האָט מען די לעצטע יאָרן איבערגעשאצט אָט-די צוויי צוועקן, דעם טעאָרעטישן און מעטאָדאָלאָגישן, איבערגעשאצט זייער ווערט און—דאָס איז נאָך וויכטיקער—זייער מעגלעכקײַט. פאר א שילער פון דער ערשטער שטופע, ביפראט פון די ערשטע לערניאָרן, איז דער וואָרט—א מיטל, נישט קיין אָביעקט. ער דארף ניט פאָרשן די שפראך, נאָר באהערשן זי, ארײַנעמען זי אין זײַן רעשוס. „ער דארף צוגיין צו א וואָרט, ווי ס'גייט צו צו פארב א מאָלער, ניט קיין כעמיקער". דע-ריבער דארף טעאָריע פארנעמען אין דער ערשטער שטופע א מינימאלן אָרט.

מיר דוכט, אז אינעם ארבעטבוך האָב איך געגעבן די ריכטיקע פראָפּאָרץ צווישן פראקטישן, טעאָרעטישן און מעטאָדאָלאָגישן צוועק פון שפראכלימעד.

נאָך א פערטער צוועק דארף האָבן אָרט אינעם שפראַכלימעד: דערצי-ערישע ווירקונג. דאָס דארף זיך אויסדריקן אין א לינגוואָטעכנישן צוגאנג צו געוויסע דערשײַנונגען פון לעקסיק און סעמאנטיק (זע ווײַטער).

# II. מעטאָדאָלאָגיע פון גראמאטיק

(מיט פאָנעטיק)

1. די ערשטע פאָדערונג צו דער שול-גראמאטיק איז — זי זאָל ניט זײַן פאלש. ס׳זעט אויס פאראדאָקסאל.

בענעגייע אנדערע לימודים (צ. ב. מאטעמאטיק) איז עס אף אזויפיל זעלבסט-פארשטאנדיק, אז מע פאָרמולירט אפילע ניט אזא פאָדערונג. די שול-גראמא-טיק האָט אָבער א טרויעריקע טראדיציע פון א לימעד, וואָס שפרעכט-ווידער דער וויסנשאפט.

אָט זײַנען בײַשפילן פון גרײַזן, וואָס מע דארף אויסמײַדן אין שוללימעד פון גראמאטיק און פאָנעטיק.

a. מע דארף ניט לערנען, אז אין דעם וואָרט מאכן הערט זיך פארן ן אן ע אָדער עפעס אן אנדער וואָקאל. ס׳איז א ווירקונג פון שריפט — און נאָך פון דער אלטער שריפט — אף דער שפראך-באנעמונג. אין דערעמעסן איז דאָ קײַן שום וואָקאל ניטאָ: מע זאָגט מאכן, נאָר מע פלעגט שרײַבן אמאָל — ניט ריכטיק — מאכען.

b. מע דארף ניט לערנען, אז אין בריוו איז דער לעצטער קאָנסאָנאנט „סאָפעקדיק״ און אז נאָר בריוועלע מאכט קלאָר, אז ס׳איז א וו. ס׳איז א ווירקונג פון דער רוסישער גראמאטיק און נאָך פון א פאלשן קלאל פון דער רוסישער גראמאטיק אף יִדישער שפראך-באנעמונג: אין יִדיש (כוץ געוויסע דיִאלעקטן) ווערט א קאָנסאָנאנט אין סאָף וואָרט ניט פארביטן פון שטימיק אף שטימלאָזיק; מע זאָגט בריוו מיט א וו, שיף מיט א ף—אלצײַנס קלאָר.

c. מע דארף ניט לערנען, אז יעדער טראָף אנטהאלט אין זיך א וואָקאל— אויך פאלשע ווירקונג פון רוסיש: אין יִדיש זײַנען פאראן טראפן אָן וואָ-קאלן, צ. ב. מא-כן, וואָל-קנ-דל, שטע-רנ-דל.

d. מע דארף ניט לערנען, אז א קאָנסאָנאנט קען מען ניט ארויסריידן אָן א וואָקאל, אָדער אז א קאָנסאָנאנט קען מען ניט ציִען לאנג. ס׳איז א רעשטל פון עלטערן פעריאָד פון דער וויסנשאפט. א קאָנסאָנאנט קען מען אזוי גוט ארויסריידן אליין, ווי א וואָקאל.

e. מע דארף ניט לערנען, אז „יר״ איז איין קלאנג. ס׳איז צוויי קלאנגען אפילע אין רוסיש, נאָר אין רוסיש שרײַבט זיך עס אלס איין בוכשטאב; דאָס אייגנס שטש.

f. מע דארף ניט רעכענען זש פאר א צונויפגעזעצטן קלאנג (ווי טש, דז), ס'איז אן איינפאכער קלאנג, נאָר ער שרײַבט זיך דורך צוויי בוכשטאבן.

g. מע דארף ניט האלטן דעם וואָרצל פֿון א וואָרט פאר אן אומפארענ-דערלעכן טייל וואָרט: אין זינגען, געזאנג, געזונגען איז דער וואָרצל איינמאָל זינג, א צווייטן מאָל זאנג, א דריטן מאָל זונג, אין זאָגן, זאָגט—איז דער וואָרצל איין מאָל zog, א צווייטן מאָל zok.

h. מע דארף ניט מיינען, אז קעגנשטעלנדיק די פאָרמעס „דער טיש" — „דעם טיש", דעקלינירן מיר דעם וואָרט „טיש": דער סובסטאנטיוו „טיש" איז ניט דעקלינירלעך (ווי דער גרעסטער טייל סובסטאנטיוון), עס דעקלינירט זיך נאָר דער אדיעקטיוו „דער".

i. מע דארף ניט זוכן צו דערקאָנען דעם בויגפאל (אקוזאטיוו—דאטיוו) דורך דער פראגע „וועמען?" — שוין דערפאר אליין, וואָס „וועמען" איז סײַ אן אקוזאטיוו, סײַ א דאטיוו.

j. מע דארף ניט לערנען די שילער, אלס „לעצטן וואָרט פון דער וויסנ-שאפט", אז „צען" איז א סובסטאנטיוו (ווי עס טוען אייניקע, באווירקט פון דער רוסישער גראמאטיק): אויב אין רוסיש האָט מען десять אײַנגעשלאָסן אין די סובסטאנטיוון, ווײַל עס דעקלינירט זיך, איז עס נאָך ניט קיין כויוו פאר ייִדיש. (די צאָלווערטער, כוץ „איינער" און „מיליאָן, מיליאַרד" א. א. זײַנען אינוואריאַנטן אָדער ניטדעקלינירלעכע אדיעקטיוון).

k. מע דארף ניט רעכענען א זאץ ווי „מע גייט" פאר א סוביעקטלאָזיקן: „מע" איז א סוביעקט, פונקט ווי „עמעצער" „א מענטש".

l. מע דארף ניט לערנען, אז אין „ער איז שיין" איז „שיין" אן אדיעק-טיוו, בייס אין „ער שרײַבט שיין" איז „שיין" אן אדווערב: אף ייִדיש זײַנעןביידע „שיין" אדווערבן. קיין קאטעגאָריע, אנטשפרעכיק מיטן רוסישן „קורצן אדיעקטיוו", איז אין ייִדיש ניטאָ.

א. א. וו.

מיט איין וואָרט, אין שול דארף מען לערנען א פאריינפאכטע, א פאר-קירצטע, אָבער ניט קיין פאלסיפיצירטע גראמאטיק.

2. די צווייטע פאָדערונג, אויך אזוי פארדאָקסאל אין איר שטעלונג, ווי די ערשטע, איז — די גראמאטישע סיסטעם, וואָס ווערט געגעבן אין שול, זאָל ניט זײַן געפלאָנטערט. דאָ דארף מען וואָרענען פון דידאָזיקע פלאָנטערס (וואָס האָבן אלע געהאט אָרט אין דער אלטער שול-גראמאטיק).

a. ניט פלאָנטערן די לערע וועגן פאָרמעס (גראמאטיק) מיט אנדערע לערעס: וועגן מאטעריעלע באטײַטן (סעמאנטיק), וועגן ריכטיקן דענקען (לאָגיק), וועגן העכערער נערוון-טעטיקײַט (פסיכאָלאָגיע).

אָט איז א כאראקטעריסטישער בײַשפיל (עמעס שוין פון איינער א נײַער גראמאטיק) פונעם פלאָנטער צווישן פאָרמאלן און מאטעריעלן באטײַט, ד. ה. צווישן גראמאטיק און סעמאנטיק:

„ווען אין צײַטוואָרט דריקט זיך אויס א באקאָשע, א באפעל אָדער א פארלאנג, הייסט דאָס דער באפעל-אויפן פון צײַטוואָרט".

אפן סמאך פון אזא דעפיניציע וועט א שילער אָנעמען „איך הייס, איך בעט, איך וויל" פאר „באפעל אויפאנים" (אימפעראטיוון).

פאריכטן די דעפיניציע דארף מען אזוי:

„ווען אין דער פאָרמע פון א צײַטוואָרט דריקט זיך אויס א. א. וו".

אין „גיי!" איז דער באפעל אויסגעדריקט אין דער פאָרמע (און דער מא-טעריעלער באטײַט איז גאָר גאנג), אין „איך הייס" איז דער באפעל אויסגע-דריקט אינעם מאטעריעלן באטײַט (און דער פאָרמאלער באטײַט איז גאָר קאָנסטאטירטע טוונג).

ס'איז נוציק צו ווײַזן דעם פאָרמאלן כאראקטער פון גראמאטיק אף אזעל-כע טעקסטן, ווי „הערט א מײַסע, קינדערלעך" (126 I), ווו דער אינהאלט איז אבסורדיש, און די פאָרמע — ריכטיק*

אָפט באשולדיקט מען די אלטע שול-גראמאטיק, אז זי האָט געלערנט באטײַטן אנשטאָט פאָרמעס. דאָס איז ניט ריכטיק פאָרמולירט, א פאָרמע איז דאָך ניט נאָר א קלאנג — זי האָט א באטײַט אויך.

די אלטע גראמאטיק האָט אָבער געפּלאָנטערט מאטעריעלן און פאָרמאלן באטײַט. פאָרמאלע באטײַטן (צוזאמען מיט פאָרמאלע סימאָנים) דארפן דער-לערנט ווערן אין גראמאטיק.

b. ניט פּלאָנטערן רייד און שריפט (באזונדערס אין פאָנעטיק). פון פּלאָנ-טער שטאמען אזעלכע גרײַזן, ווי „זש—א צונויפגעזעצטער קלאנג" (זע אויבן). מע דארף אָבער ניט איבערבייגן דעם שטעקן אין דער אנדערער זײַט — ניט מיינען, אז בלויז די גערעדטע שפראך קען דינען פאר אן אָביעקט פון גרא-מאטיק. א גראמאטיק פון דער געשריבענער שפראך איז פונקט אזוי מעגלעך און ניט ווייניקער (עפשער מער) נייטיק, ווי פון דער גערעדטער שפראך. אין דעם ארבעטבוך „שפראך" איז געמאכט א פרווו זיך באפרײַען פונעם פּלאָנטער צווישן רייד און שריפט און זיך ניט אָפּזאָגן פונדעסטוועגן פון דער גראמאטיק פון דער שריפטלעכער שפראך.

c. ניט פּלאָנטערן די סטאטישע שפראך-דערלערנונג מיט דער היסטאָרישער. אין די קלענערע קלאסן קען מען קיין געשיכטלעכע פאקטן ניט באטראכטן דעריבער קען מען דעם גרעסטן טייל גראמאטישע פאקטן ניט „דערקלערן", וואָרעם די דערקלערונג („פארוואָס איז עס אזוי?") איז דאָסראָוו א היסטאָ-רישע. דער לערער דארף אָבער באקאנט זײַן מיט דער דינאמיק אין דער גע-שיכטע פון דער שפראך, קעדיי זײַן ווייניקער שטרענג אין דער סטאטישער

---

* אָבער ניט אין II לערניאָר — דאָרטן איז דער געדיכט געגעבן נאָר צוליב זײַן פאסיקן אינהאלט און קעדיי אומבאמערקלעך צוגרייטן די קינדער צו דער אופאסונג פון גראמאטיק, אלס פאָר-מאלע וויסנשאפט.

דערלערנונג. פאראן דערשײַנונגען, וואָס מיר טרעפן זיי גראָד אין איבערגאנג־מאָמענט, און דאָ קען זײַן שעדלעך אײַנפירן זיי אין פעסטע רעמלעך.

3. די גראמאטיק דארף ניט אנטהאלטן קיין אינעוויניקסטע ווידערשפרוכן, ווי די אלטע גראמאטיק (וואָס מע רופט אומבאגרינדעט „לאָגישע גראמאטיק").

א בײַשפּיל פון אינווייניקסטן ווידערשפרוך: „אין יעדן זאץ מוז זײַן א סוביעקט און א פרעדיקאט" — „פאראן זאצן אָן פרעדיקאטן". מאָנעשעך!..

„א סוביעקט איז שטענדיק א נאָמינאטיוו". — „א סוביעקט קען זײַן אן אינפיניטיוו"!

4. זי דארף געבן רעאלע יעדיִעס וועגן פאקטן פון דער שפראך, ניט פאר־בײַטן די יעדיִעס אף פוסטע דעפיניציעס אָדער טערמינען.

אָט זײַנען בײַשפּילן פון טערמינאָמאניע פון דער אלטער גראמאטיק:

„די הויפטווערטער (סובסטאנטיוון) ווערן אײַנגעטיילט אין קערפּערנעמען (קאָנקרעטע הויפטווערטער) און באגריף־נעמען (אבסטראקטע הויפטווערטער). קערפּערנעמען הייסן די נעמען פון אזוינע קעגנשטאנדן, וועגן וועלכע מיר קענען באקומען א פאָרשטעלונג מיט דער הילף פון אונדזערע פינף כושים, באגריפנעמען... הייסן די נעמען פון אזוינע קעגנשטאנדן, וועלכע מיר באגרײַפן נאָר מיטן סייכל, אָבער ניט מיט די פינף כושים אונדזערע, און וועגן וועלכע מיר האָבן א פאָרשטעלונג ווי וועגן עטוואָס באזונדערעס און גאנצעס"...

„צאָלווערטער טיילן זיך אף גרונטצאָלן, אָרדנצאָלן און דרויבצאָלן".

דער סאמע בוילעטער בײַשפּיל פון אזעלכע פוסטע דעפיניציעס איז עפּשער די געשיכטע מיטן פּראָנאָם. די גראמאטיק פלעגט געבן א דעפיניציע פון פּראָנאָם און דערנאָך — א פולן צעטל פּראָנאָמען. צו וואָס דארף מען בײדע? דאכט זיך גענוג א דעפיניציע אליין. די מײַסע איז אָבער, וואָס די דעפיניציע מיטן צעטל שטימען ניט: די ווערטער „איך, ווער" זײַנען לעכאָל־האדייעס פּראָנאָמען, אָבער די דעפיניציע („א פּראָנאָם פארבײַט מיט זיך אן אנדער וואָרט") ווײַזט עס ניט. דאָס וואָרט „איך" פארבײַט קיינמאָל גאָרנישט. ווען איינער זאָגט אף זיך „איך", איז דאָך דאָס נאָר די לעכאטכילעדיקע און אײנציקע פונק־ציע פונעם וואָרט „איך", און ס'וואָלט גאָר ניט נאטירלעך געווען, ער זאָל רופן זיך אליין באם נאָמען*. דאָס וואָרט „ווער?" פארבײַט מיט זיך גאָרניט, וואָ־רעם, ווען מע זאָל וויסן דעם נאָמען פון יענעם, וואָס מע פרעגט אף אים, וואָלט מען דאָך גאָרניט געפרעגט. די פונקציע צו „פארבײַטן" איז שײַעך נאָר בא א טייל פּראָנאָמען.

פון דער אנדערער זײַט, קען דאָס וואָרט „כאָכעם" פארבײַטן מיט זיך „נאר" (איראָניש), און קיינער האלט עס ניט פאר קיין פּראָנאָם.

---

* א קינד רופט זיך פריִער בא זײַן נאָמען, דערנאָך הויבט ער אָן באנוצן דעם וואָרט „איך". בא אים פארבײַט טאקע „איך" זײַן נאָמען. אָבער ס'איז פונקט אזא פארבײַט, ווי אז ער זאָגט פריִער האוו־האוו, דערנאָך לערנט ער זיך אויס זאָגן „הונט". מירן דאָך ניט זאָגן, אז „הונט" דינט אין דער שפראך צו פארבײַטן „האוו־האוו".

הייסט עס, די גראמאטיק האָט מוירע געהאט (און מיט רעכט), אז די דעפיניציע וועט פארפירן, און האָט דעריבער געגעבן א צעטל ווערטער: אָט דאָס זײַנען פראָנאָמען.

צו וואָס-זשע, פרעגט זיך, דארף מען די דעפיניציע? נאָר קעדיי מעקײַעם זײַן די מיצווע דעפיניציע.

5. די גראמאטיק דארף זײַן כאראקטעריסטיש פאר דער שפראך, וואָס זי דערלערנט. קעגן דעם פונקט זינדיקט נאָך די ייִדישע שול-גראמאטיק, בייס די רוסישע א. א. האָבן עס שוין לאנג גויוער געווען. אין דער ייִדישער שול-גראמאטיק פארפעלט מען אָפטמאָל אזעלכע דערשײַנונגען, וואָס זײַנען ניטאָ אין רוסיש, ד. ה. מע בויט די ייִדישע גראמאטיק אלס קאָפּיע אָדער איבערזעצונג פון דער רוסישער, און דאָס ספּעציפיש ייִדישע פארזעט מען.

6. אין ערשטן קאָנצענטער דארף מען געבן ניט קיין סיסטעמאטישן קורס. מע דארף אויסקלײַבן פון דער סיסטעם ייִדישע גראמאטיק יענע פונקטן, וואָס זײַנען אָדער אומיטלבאר פראקטיש נייטיק, אָדער דינען צו פארבינדן די פראקטיש נייטיקע פונקטן.

צו וואָס אשטייגער דארף מען לערנען „צאָלוואָרט"? ער שטעלט ניט פאָר קיינע פראקטיש וויכטיקע באזונדערהײַטן, און לערנען נאָר, קעדיי טרעפנדיק אזא וואָרט, זאָל מען וויסן, אז ס'איז א צאָלוואָרט — הייסט לערנען די סיסטעם. דאָס קען ניט זײַן דער צוועק פון גראמאטיק אין דער עלעמענטארער שול.

7. מע דארף זיך ניט אינטערעסירן מיט אלע פונקטן גלײַך, נאָר באזונדערס פארשארפן יענע פונקטן, וואָס זײַנען פראקטיש נייטיקער (צ. ב. — פאר ליטוואקעס דעם באנוץ פון אקוזאטיוו).

8. מע דארף ניט אָפּטיילן „מאָרפאָלאָגיע" אלס לערע וועגן „בילדונג פון פאָרמעס" פון „סינטאקס" אלס לערע וועגן „באנוץ פון פאָרמעס". מע דארף ניט דערלערנען אשטייגער אין איין אָרט דעקלינאציע פון סובסטאנטיוו און ערגעץ אנדערש — באנוץ פון בייגפאל. יעדע פאָרמע דארף מען אײנצײַטיק דערלערנען „מאָרפאָלאָגיש" און „סינטאקסיש", ד. ה. פון שטאנדפונקט פון פאָרמאלן סימען און פון פאָרמאלן באטײַט*

9. גראמאטיק קען בכלל געבויט ווערן אין צוויי „ריכטונגען". אכוץ דער קלאסיפיקאציע פון פאָרמעס, וואָס ווערט געגעבן געוויינלעך אין גראמאטיק** קען נאָך זײַן א קלאסיפיקאציע לויט די פאָרמאלע באטײַטן. די צוויי קלאסי-

---

* איך נעם דאָ די טערמינען מאָרפאָלאָגיע און סינטאקס מיטן טראדיציאָנעלן באטײַט. איך אליין אָבער פיר דורך דעם גרענעץ אנדערש: וואָרטבילדונג (ד. ה. ניט-סינטאקסישע פאָרמעס) פון סינטאקס (סינטאקסישע פאָרמעס — אי פון שטאנדפונקט פון סימען, אי פון שטאנדפונקט און באטײַט).

** צ. ב. זארעצקי, פראקטישע ייִדישע גראמאטיק.

פיקאציעס האָבן, פארשטייט זיך, א געמיינזאמען מאטעריאל, אָבער זיי זײַנען גאָר-ניט ענלעך איינע אף דער אנדערער.

קעדיי אריבערצוגיין פון דער ערשטער ריכטונג צו דער צווייטער, דארף מען אלע גראמאטישע פונקטן, וואָס זײַנען באטראכט אין דער ערשטער ריכ-טונג, איבערגרופירן פונדאָסנײַ. דערבײַ וועט איין פאָרמע ארײַנפאלן אין פארשיידענע רובריקעס (אויב זי האָט פארשיידענע באטײַטן), און, פארקערט, אין איין רובריקע וועלן ארײַנפאלן פאָרמעס, וואָס זײַנען אין פריִערדיקן פלאן צעשטעלט געווען ווײַט איינע פון דער אנדערער. ס'וועט פאָרקומען דאָס אייגנס, וואָס אז מע זאָל נעמען א יִדיש-רוסישן ווערטערבוך און איבערבויען פאר א רוסיש-יִדישן.

קלאסיפיצירן די פאָרמעס לויטן באטײַט הייסט — ענטפערן אף דער פרא-גע: מיט וואָסערע גראמאטישע מיטלען ווערן אויסגעדריקט אין דער שפראך די און די פאָרמאלע באטײַטן? דאָס איז א מין „גראמאטישע סינאָנימיע”.

די „ערשטע ריכטונג” פרעגט אשטייגער: וואָס באטײַט די פאָרמע „סוב-יעקט+פרעדיקאט”? די „צווייטע ריכטונג” פרעגט: ווי ווערט אויסגעדריקט די באציִונג: „טוונג: טוער”?*

אָט איז א בײַשפיל פון רובריקעס לויט דער צווייטער ריכטונג.

באציִונג פון א טוונג צום טוער ווערט אויסגעדריקט אין אזעלכע פאָרמעס (כ'גיב נאָר בײַשפילן, אָן פאָרמולירונגען):

זעלדע שפאצירט
איך זע זעלדען שפאצירן
איך זע זעלדען שפאצירנדיק
ווער עס וויל, שפאצירט

באציִונג פון א טוער צו דער טוונג:

מיר בענקט זיך
די צײַטונג ווערט געלייענט פון מיר
דער געזעץ איז ארויסגעגעבן דורך דער רעגירונג
מיצאד דער פארטיי זײַנען אָנגענומען מיטלען
די איבערוואנדערונג פון ייִדן
זעלדעס שפאצירן
דײַן אָפּזאָגן זיך פון ארבעט
פראָלעטארישער אופשטאנד
קלאסנקאמף (ד. ה. דער פאקט, אז קלאסן קעמפן)

די ערשטע ריכטונג איז „גראמאטיק פונעם צוהערער”, די צווייטע—„גרא-מאטיק פונעם ריידער”: דער צוהערער הערט א פאָרמע און דארף וויסן איר

* דער צווייפונקט באטײַט באציִונג.

באטײַט, דער רײדער װיל אױסדריקן א באטײַט און ראדף צװזכן די פּאסיקע פּאָרמע.

ביז אהער װערט די גראמאטיק געבױט קימאט אױסשליסלעך לױט דער ערשטער ריכטונג. אין דער שול אָבער, װאָס דארף אױסלערנען קױדעמקאָל רײדן און שרײַבן (װאָרעם דאָס איז שװערער, װי הערן און לײענען), װאָלט די גראמאטיק געדארפט געבױט װערן לױט דער צװײטער ריכטונג. אינעם ארבעטבוך האָב איך עס נאָך ניט געקאָנט דורכפירן, װײַל ס'איז נאָך ניט דורכגעמאכט די װיסנשאפטלעכע ארבעט, װאָס איז דערצו נײטיק. פונדעסט-װעגן האָב איך עס געװאָלט פארצײכענען צװישן די פאָדערונגען צו מעטאָ-דאָלאָגיע פון גראמאטיק.

**10.** מע דארף אָפט אָנהײבן ניט פון אײן פאָרמע, נאָר גלײַך פון צװײ אָדער מער, װײַל א פאָרמע עקזיסטירט נאָר אין קעגנשטעלונג צו אנדערע פאָרמעס. מע קען ניט לערנען אײנצאָל אָן מערצאָל (אָדער פארקערט), מע קען ניט דערלערנען פריִער אײן פערזאָנפאָרמע, דערנאָך ערשט זיך דערװיסן, אז ס'איז פאראן נאָך אנדערע פערזאָנפאָרמעס, סוביעקט דארף מען געבן אײנ-צײַטיק מיט אָביעקט (אָדער מיט פּרעדיקאט). א. א. װ.

**11.** די װיכטיקסטע גראמאטישע באגריפן—פאָרמע, גראמאטישע קלאסן — קאָן מען ניט געבן מיטאמאָל. מע מוז זײ געבן קאָנצענטריש (אַן ערעך װי דעם באגריף צאָל אין מאטעמאטיק). צומשװערסטן קומט דאָ אָן מיטן סוב-סטאנטיװ; סובסטאנטיװ איז גראמאטיש, פארשטײט זיך, א נאָמען פון א זאך— אױב נאָר מע זאָל „זאך" פארשטײן גראמאטיש. די מײַסע איז, װאָס דער װאָרט „זאך" האָט דרײַ באטײַטן פון פארשײדענעם פארנעם:

1) א טיש, א פען, א היטל — זײַנען זאכן, אבער א קאץ, א שנײַדער— ניט (בא אָט-דעם שמאָלסטן באטײַט פון „זאך" האלט איך זיך אין גאנצן II און אָנהײב III לערניאָר).

2) א טיש, א פען, א היטל, א קאץ, א שנײַדער — זײַנען זאכן, אָבער בלױקײַט, א שפרונג—ניט (צו אזא באטײַט פיר איך צו אין מעשעך פון III לערניאָר, כאָטש ניט-פאָרמולירטערהײט).

3) א טיש, א פען, א היטל, א קאץ, א שנײַדער, בלױקײַט, א שפרונג — זײַנען זאכן, אָבער שפּרינגסט, בלױ — ניט. (דעם באטײַט װעל איך געבן ערשט נאָכן IV לערניאָר).

דער ערשטער באטײַט פון „זאך" איז דער טאָגטעגלעכער, דער צװײטער איז שײַעך צו סעמאנטיק, דער דריטער—צו גראמאַטיק.

אױב מיר נעמען „זאך" מיטן דריטן באטײַט, קאָן מען זאָגן, אז יעדער סובסטאנטיװ איז א נאָמען פון א זאך און יעדער נאָמען פון א זאך איז א סובסטאנסיװ. עס באקומט זיך א פולע גלײַכהײַט:

סובסטאנטיװ—נאָמען פון א זאך.

אויב אָבער מיר נעמען „זאַך״ מיטן צווייטן (אָדער ערשטן) באַטײַט, קען מען זאָגן נאָר, אַז יעדער נאָמען פון א זאַך (אָדער: פון א מענטשן, כײַע, זאַך) איז א סובסטאַנטיוו (III 1). דאָס איז אַבסאָליוט ריכטיק, וואָרעם ניטאָ קיין איין נאָמען פון א זאַך, וואָס זאָל ניט זײַן סובסטאַנטיוו. מע קאָן אָבער ניט זאָגן פאַרקערט: יעדער סובסטאַנטיוו איז א נאָמען פון א זאַך (אָדער: פון א מענטשן, כײַע, זאַך), וואָרעם „בלויקײַט, א שפּרונג״ זײַנען ניט קיין זאַכן (אין צווייטן באַטײַט פון וואָרט).

צי קען מען אין I קאָנצענטער געבן דעם גראַמאַטישן באַטײַט פון „זאַך״ (בלויקײַט, שפּרונג—„זאַכן״)? איך מיין, אַז ניין. דעריבער דאַרף מען פריער באַקאַנען די שילער נאָר מיט א טייל סובסטאַנטיוו (III 1), דערנאָך ערשט אָנרופן מיטן נאָמען „סובסטאַנטיוו״ אויך אַזעלכע ווערטער, ווי „שוסטערײַ, נאַרישקײַט״ (39, 38 III). שפּעטער (III 56) באַקומען די שילער אייניקע קריטעריען פאַר סובסטאַנטיוו. אָבער א פולע דערלערנונג פון די גראַמאַטישע קלאַסן בלײַבט פאַרן II קאָנצענטער.

דער לערער טאָר, הייסט עס, ניט פּלאָנטערן „זאַך״ און „סובסטאַנטיוו״. „זאַך״ איז ניט קיין צײַטווײַליקער נאָמען פאַר סובסטאַנטיוו, נאָר א סעמאַנטישע צוגרייטונג צו גראַמאַטיק.

ווען אײַנריידן די קינדער, אַז „בלויקײַט״ איז א זאַך (כאָטש אַפּדערעמעס איז עס טאַקע אַזוי)—הייסט געבן זיי מער, ווי זיי קענען באַנעמען.

דאָס אייגנס איז שײַעך צו „סימען״ און „טוּונג״. עמעס, איך סטאַרע זיך אויסמײַדן די פאַלן, ווען סעמאַנטיק און גראַמאַטיק גייען זיך פאַנאַנדער: איך רייד (II 11) וועגן דער טוּונג „לויפן״, ניט „געלאַף״, וועגן דעם סימען „שיינער״ (II 55), ניט „שיינקײַט״. אָבער אויב א שילער וועט פרעגן וועגן אַזעלכע ווערטער, דאַרף מען ענטפערן אַזוי:

געלאַף—איז א טוּונג (אין III לערניאָר—א סובסטאַנטיוו, וואָס באַטײַט א טוּונג).

שיינקײַט — א סימען (אין III לערניאָר—א סובסטאַנטיוו, וואָס באַטײַט א סימען).

וועגן פּראָנאָמען. פאַר קינדער איז שווער צו באַנעמען „איך, דו״... אַלס סובסטאַנטיוון. דאַרף מען ניט פאָרסירן זייער גראַמאַטישע באַנעמונג. פּראָנאָם מעג מען זיי דערשײַנען צײַטווײַליק אין איין פלאַך מיט גראַמאַטישע קלאַסן (אַגעוו זײַנען ניט געריכט יענע גראַמאַטיסטן, וואָס מיינען, אַז צווישן „איך״ און „מענטש״ איז קיין שום גראַמאַטישער כילעק ניטאָ: פּראָנאָם אַלס גראַמאַטישע קאַטעגאָריע איז א פאַקט).

דער דענישער לינגוויסט יעספּערסען האָט אַרויסגעשטעלט א וויכטיקע דירעקטיוו פון מעטאָדאָלאָגיע פון שולגראַמאַטיק:

„באַם לערנען פּראַקטישע גראַמאַטיק וואָלט איך ניט אָנגעהויבן פון דעפי-
נירן די באַזונדערע גראַמאַטישע קלאַסן, באַזונדערס פון די געוויינלעכע דע-
פיניציעס, וואָס זאָגן אַזוי ווייניק, כאָטש עס דוכט זיך, אַז זיי זאָגן אַסאַך.
איך וואָלט געטאָן פּראַקטישער. ס'איז קיין סאָפעק ניט, אַז באַם לערנען גראַ-
מאַטיק דערקאָנט דער מענטש איין, וואָרט אַלס אַדיעקטיוו, אַ צווייטן אַלס
ווערב, ניט זוכנדיק קיין ספּראַווקע אין די דעפיניציעס פון די גראַמאַטישע
קלאַסן, נאָר אין פלוג, מיטן זעלביק מיטל, ווי ער דערקאָנט אין דער אָדער
יענער כיַיע אַ בעהיימע אָדער אַ קאַץ. און די קינדער וואָלטן זיך דאָס גע-
קענט אויסלערנען פונקט אַזוי, ווי זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אונטערשיידן
געוויינלעכע כיַיעס, ד. ה. „פּראַקטיש".

איך רוף עס בלויז „דירעקטיוו", וואָרעם דער אויספיר, וואָס יעספּערסען
מאַכט דערפון (דרוקן אַ דערציילונג, אויסטיילנדיק פריער אַלע סובּ-
סטאַנטיוון, דערנאָך אַלע אַדיעקטיוון א. א. וו.), קאָן ניט באַפרידיקן. צווישן
סובסטאַנטיוו און אַדיעקטיוו איז אַ קלענערער כילעק, אַ ווייניקער אָנזעעוודי-
קער, ווי צווישן אַ בעהיימע און אַ קאַץ.

די דירעקטיוו ווארט נאָך אַף איר פּראַקטישן אָנווענד.

**12.** פון די פאַרשיידענע שאַבלאָנען צו אַנאַליזירן דעם זאַצבוי, זיַינען די
בעסטע — טיילן אַף עלעמענטאַרע זאַצן און סכעמאַטיזירן.

פון פאַרשיידענע סכעמאַטיזירונגען דאַרף מען פאַר דער שול אָננעמען די
איינפאַכסטע (וואָס איז געגעבן אין אַרבעטבוך).

דער פראַגע-מעטאָד האָט אַסאַך כעסרוינעס (אויפגעדעקט אין פּעשקאָווסקיס
אַרטיקלען וועגן פראַגע-מעטאָד, געדרוקט אין זיין „Сборник статей").

**13.** טערמינאָלאָגיע איז אַ נייטיקער טייל אין יעדער וויסנשאַפט, אין
יעדן לימעד. ס'איז אַ ספּעציעלער טייל לעקסיקאָן, וואָס דינט אַף זיך
אופריידן וועגן ספּעציעלע זאַכן.

יעדער טערמין שטעלט פאָר אַ שווערקיַיט. דערפון מאַכן אייניקע אַן אויס-
פיר, אַז מע דאַרף מינימום טערמינאָלאָגיע. אָבער אַ טערמין פאַרשפּאָרט מיט
זיך אַ פּעריפראַזע, פאַרקירצט די רייד (צ. ב. מע זאָל וועלן אַרויסוואַרפן
דעם טערמין „צונויפזאַץ", וואָלט מען געדאַרפט זאָגן „אַ וואָרט מיט מער ווי
איין וואָרצל"). הייסט עס, ניט יעדע עקאָנאָמיע אין טערמינען איז נוציק.
דעריבער—ניט מינימום טערמינאָלאָגיע, נאָר אָפּטימום טערמינאָלאָגיע, ניט
די קלענסטע צאָל, נאָר די בעסטע צאָל. מע דאַרף אַזאַ צאָל טערמינען,
אַז מיט אַ טערמין מער אָדער מיט אַ טערמין ווייניקער זאָל שוין זיַין אין
דער אָדער אין יענער זיַיט ערגער.

אין דער היַינטיקער שולגראַמאַטיק איז טערמינען ווייניקער ווי אין דער
אַלטער. מעגלעך, אַז מע דאַרף נאָך וויַיטער קירצן.

אין דער אַלטער שולגראַמאַטיק זיַינען געווען טערמינען אַבסאָליוט ניט-
וויסנשאַפטלעכע, וואָס טאָרן היַינט קיין אָרט ניט האָבן אין שול. וויַיטער

זײַנען געווען א מאסע טערמינען איבעריקע — אזעלכע, וואָס זײַנען ניט נייטיק, ניט קעדיי צו סיסטעמאטיזירן שפּראכלעכע דערשײַנונגען, ניט צוליבן ווײַטערדיקן קורס. לעסאָף, זײַנען געווען אסאך טערמינען, וואָס קענען גאנץ גרינג אויסגעמיטן ווערן, פארביטן ווערן אף אביסל לענגערע נעמען, דערפאר גרינגערע, ניט קיין ספּעציפישע. אָט-די אלע קאטעגאָריעס—אי די, וואָס מוזן אָפּפאלן, אי די, וואָס דארפן אָפּפאלן, אי די, וואָס מעגן אָפּפאלן — ווערן באזײַטיקט פונעם הײַנטיקן שול-לימעד.

**14.** מע קען פון א טערמין ניט פאָדערן, ער זאָל ארומכאפּן די דערשײַנונג אלזײַטיק. מיר זאָגן באפעלמאָדוס, כאָטש „באפעל" איז נאָר איינע פון זײַנע פונקציעס, וואָרעם מע קען ניט זאָגן „באפעל, - פאָרלייג -, בעט-, אײַנרייד-,מאָן - א. א. וו. - מאָדוס". מע קען אָבער פאָדערן פון א טערמין, ער זאָל ניט בעפיירעש ווידערשפּרעכן מיט דער דערשײַנונג; מיר קענען ניט רופן דעם אינפיניטיוו „אומבאשטימטער מאָדוס", ווײַל ער איז קלאל קיין מאָדוס ניט. (שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס ער באטײַט א גאנצן באשטימטן באגריף). מע קען ניט באנוצן דעם טערמין „מיטהילכער" (פאר ניט-וואָקאל), וואָרעם דערדאָזיקער קלאנג קען הילכן אליין אויך, ניט דאפקע מיט א וואָקאָל. מע קען ניט רופן א סופיקס נאָכטראף, וואָרעם ער איז ניט דאפקע א טראף (קען זײַן מער און ווייניקער ווי א טראף).

פאר א וויסנשאפטלעכער סיסטעם איז עפשער די בעסטע טערמינאָלאָגיע א „נומערישע": ערשטער מין, צווייטער מין, דריטער מין, ערשטער בייגפאל, צווייטער בייגפאל א. א. וו. זי איז די סאַמע אָביעקטיווע און די־וועקט ניט קיינע ניט-נייטיקע אסאָציאציעס. אָבער טאקע אָט-די אָפּוועזנהײַט פון אסאָציאציעס מאכט זי שווער צו געדענקען און דערמיט ניט באקוועם פאר דער שול. נאָר אין עקסטע פאלן דארף מען אָנעמען אזא טערמינאָלאָגיע.

א צווייטער וויכטיקער פּרינציפּ איז—זיך האלטן ווי מעגלעך נעענטער צו דער טראדיציאָנעלער טערמינאָלאָגיע, ניט בײַטן קיין באקאנטן טערמין, ווען ס'איז ניטאָ קיין גענוגער גרונט.

אָט-די צוויי פּרינציפּן קענען ווידערשפּרעכן, און ניט שטענדיק קען מען זיכער זײַן, אז מע האָט געפונען דעם ריכטיקן קאָמפּראָמיס.

א דריטער פּרינציפּ: די טערמינאָלאָגיע דארף אנטשפּרעכן דער וויסנשאפטלעכער סיסטעם, דארף זי אָפּשפּיגלען. צ. ב. אין אָפּהאנג דערפון, ווי דער אָדער יענער גראמאטיסט קוקט אף דער באציִונג צווישן א. ג. מאָרפאָלאָגיע און סינטאקס, וועט ער האָבן אָדער צוויי רייען טערמינען („מאָרפאָלאָגישע": בייגפאל, אדיעקטיוו, אדווערב..., „סינטאקסישע"—אָביעקט, אטריבוט, אומשטאנד...), אָדער איין ריי. אין מײַן ארבעטבוך איז אָנגענומען איין ריי טערמינען, ד. ה. „אדיעקטיוו", א שטייגער, דארף מען פארשטיין אי אלס прилагательное, אי אלס определение פון דער אלטער רוסישער גראמאטיק (איך זאָג צ. ב.: „גרויסער" איז אן אדיעקטיוו צו „טיש"). ברייטער זיך אָפּשטעלן דערויף קען איך דאָ ניט.

**15.** פון וועלכער שפּראַך נעמען א טערמין? די ספּעציפיש העברעיִשע טערמינעס (נעגינע, מין, זאָכער א. ד. ג.), וואָס ווערן קולטיווירט פון אייניקע אויסלענדישע יִדישע גראַמאַטיסטן, האָבן פאַר אונדז קיין שום באַרעכט ניט. אונדזער אופמערקזאַמקייט פאַרדינען נאָר צוויי גרופּעס טערמינען: יִדישע (בוכשטאַב, אָס, טראָפּ, קעגנוואָרט, זאַכוואָרט א. ד. ג.) און אינטערנאַציִאָנאַלע (אַקצענט, סובסטאַנטיוו, מאָדוס א. ד. גל.) דערבײַ דאַרף מען אויסשליסן פון באַטראַכט יענע פאַלן, ווען ס'קען זײַן די רייד נאָר וועגן איינער פון די צוויי גרופּעס („אייגן-נאָמען" וועט קיינער ניט פאַרלאַנגען פאַרבײַטן אף „פּראָפּריום", „פּאַסיוו" וועט קיינער ניט פאַרלאַנגען פאַרבײַטן אף עפּעס א יִדישן טערמין). בלײַבט צו באַטראַכטן יענע פאַלן (גאַנץ אָפטע פונדעסטוועגן), ווען א יִדישער און אַן אינטערנאַציִאָנאַלער טערמין קענען ביידע אָנגעווענדעט ווערן. וועלכע זאָל מען אויסקלײַבן (פאַר דער שול)?

די מײַלעס פון אַן אינטערנאַציִאָנאַלן טערמין זײַנען די:

1) ער האָט ניט קיין „אינעווייניקסטע פאָרמע", ער איז ניט פאַרשטאַנדיק, און קען דעריבער אַרײַנעמען אין זיך יעדן אינהאַלט, וואָס די דעפיניציע גיט. צ. ב. דעפינירן „אַדיעקטיוו" אַלס וואָרט, וואָס האָט אַזא און אַזא סיסטעם פאָרמעס, איז גרינג, וואָרעם דער וואָרט „אַדיעקטיוו" האָט ניט (פאַרן שילער, וואָס קען קיין לאַטייניש ניט) קיינע אַסאָציִאַציעס. באַשטימען אָבער „אייגנשאַפטוואָרט" אַלס א וואָרט, וואָס האָט אַזא און אַזא סיסטעם פאָרמעס, וואָלט געווען שווערער, וואָרעם דעם שילער וועט זיך ראַק פּלאָנטערן „אייגנשאַפט".

2) די אינטערנאַציִאָנאַלע טערמינאָלאָגיע איז פעסטגעשטעלט: אַלע גראַמאַטיסטן באַנוצן דעם טערמין סובסטאַנטיוו אַלציינס. די יִדישע איז נאָך דערווײַל—א זאַך פון יעדן גראַמאַטיסט: איינער זאָגט זאַכוואָרט (דער בעסטער פון די יִדישע טערמינעס פאַר דעם באַגריף), א צווייטער נאָמענוואָרט, א דריטער הויפּטוואָרט; פאַר איינעם איז „זאַכוואָרט"—סובסטאַנטיוו, פאַר א צווייטן—סוביעקט.

3) דער אינטערנאַציִאָנאַלער טערמין גיט דאָסראָוו די מעגלעכקייט פון א רײַכער וואָרטבילדונג: פון „סובסטאַנטיוו" איז פאַראַן „סובסטאַנטיִוויש, סובסטאַנטיווירן, סובסטאַנטיווירט", פון ווערב—„ווערבאַל, ווערבאַלקײַט, ווערבאַליזירן" א. א. וו., פון „זאַכוואָרט" אָבער איז שווער צו בילדן „זאַכוואָרטלעך, פאַרזאַכוואָרטן, פאַרזאַכוואָרטעט" א. א. וו.

4) אַן אינטערנאַציִאָנאַלער טערמין גיט די מעגלעכקײַט צו לייענען וועגן שפּראַכפּראָגעס אויך אף אַנדערע שפּראַכן אַכוץ יִדיש (אפילו אין רוסיש, וואָס האַלט זיך דאָס ראָוו בא א היימישער טערמינאָלאָגיע, קאָן מען ניט זעלטן באַגעגענען субʼект, предикат, субстантивный א. ד. ג.).

פאַראַן אָבער בא אינטערנאַציִאָנאַלע טערמינען א וויכטיקער כיסאָרן: זיי זײַנען שווער צו אופנעמען און פאַרגעדענקען. טאַקע דער פאַקט, וואָס זיי וועקן ניט קיין עטימאָלאָגישע אַסאָציִאַציעס, אָט דער פאַקט, וואָס שטעלט-פאָר איינע

פון זייערע מײַלעס, איז אין דערזעלביקער צײַט א כיסאָרן: זיי האָבן ניט קיין אָנהאלט אין דעם קינדס שפראך-באגאזש. צײַטוואָרט אסאָציִירט זיך מיט צײַט און זאכוואָרט מיט זאך, אָבער „סובסטאנטיוו"—מיט גאָרניט („סובסטאנץ" איז אומבאקאנט). דעריבער קענען זיי אי מעשונע געפלאָנטערט ווערן (סובסטאנ-טיוו און קאָנסאָנאנט, ווערב און אדווערב), אי פארגרײַזט ווערן, אי פּאָשעט ניט פארגעדענקט ווערן.

מע דארף זיך אָבער רעכענען מיט נאָך א מאָמענט. אויב מע גיט די אינ-טערנאציאָנאלע טערמינאָלאָגיע, איז ניט קיין כוויו צו געבן די יידישע אויך; גיט מען אָבער די יידישע, מוז מען דאָסראָוו געבן די אינטערנאציאָנאלע אויך, טאקע דערפאר, וואָס זי איז די פעסטע און די אומעטום אָנגענומענע. הייסט עס, די יידישע טערמינאָלאָגיע (פאר יענע פאלן, ווו עס קאָנקורירן יידישע און אינטערנאציאָנאלע טערמינען) איז דאָסראָוו א צײַטווײַליקע. אין פּרינציפּ דארף זײַן: וואָס ווייניקער צײַטווײַליקע טערמינאָלאָגיע, וואָס ווייניקער זיך דארפן שפּעטער איבערלערנען.

איבער אָט-די אלע מאָטיוון קען מען קיין איינהײַטלעכע לייזונג פאר דער פראגע ניט געבן. מע דארף בענעגייע צו יעדן טערמין באזונדער דורכטראכטן די פראגע.

16. אויב צײַטווײַליקע טערמינען טויגן ניט, איז נאָך ערגער—פּאראלעלע טערמינען, ד. ה. צוויי נעמען פאר דערזעלביקער דערשײַנונג. דער לערער דארף ניט באנוצן, צ. ב. „באשטימיקער ארטיקל", קוים איז דער אָפיציעלער טערמין אינעם ארבעטבוך—„באשטימוואָרט".

17. די געניטונגען און פארגעבונגען דארפן, אין אידעאל, זײַן צוויי סאָרטן: אנאליטישע און סינטעטישע. מע דארף ניט נאָר פאנאנדערקלײַבן א געגעבענעם טעקסט, פאנאנדערלייגן אים אף עלעמענטן, נאָר אויך פארקערט, פון געגעבענע עלעמענטן אופשטעלן א טעקסט. דער צווייטער טיפּ געניטונ-גען, דער סינטעטישער, איז פארשפּרייט אין מאטעמאטיק (פון געגעבענע צאָלן אופשטעלן, לויט די באדינגען פון דער אופגאבע, א נייע צאָל). אין גראמאטיק אָבער פארנעמט ער ביז איצט קימאט קיין אָרט ניט. מע מוז דעם גראַמאטישן לימעד אין דעם זינען מאטעמאטיזירן און דערמיט געווינען פאר אים אזא אינטערעס פון די שילער, ווי זיי ווײַזן געוויינלעך ארויס פאר מאטעמאטיק. אינעם ארבעטבוך „שפּראך" האָט זיך עס מיר נאָך ווייניק אײַנגעגעבן. ס'איז איינע פון די פּראָבלעמען, וואָס שטייען נאָך פאר מעטאָדאָלאָגיע פון גראמאטיק.

18. די שול-גראמאטיק דארף געפינען די פּאסיקע פּראָפּאָרץ און באציִונג פאר באשרײַבערישע און נאָרמאטיווע עלעמענטן. זי טאָר ניט זײַן אינ-גאנצן באשרײַבעריש—דאָס איז ניט פּראקטיש (דאָס קען מען זיך פארגינען ערשט אין א הויכשול) און זי טאָר גיט זײַן אינגאנצן נאָרמאטיוו—דאָס איז ניט פּעדאגאָגיש. דאָך דארף אין אָנהייב דער נאָרמאטיווער מאָמענט איבער-וועגן. וואָס ווײַטער א לערניאָר, קען זי ווערן אלץ ווייניקער נאָרמאטיוו.

# III. מעטאָדיק פון גראמאטיק

אין דער אלטער שול פלעגט מען איינזען דעם הויפּטצוועק פון גראמאטישן לימעד — אין „שרײַבן ריכטיק“, ד. ה. אין אָרטאָגראפיע. דער צוגאנג איז נאָך הײַנט אויך פארשפרייט. ער גרינדעט זיך אף א מיספארשטייעניש. אויב אין דער רוסישער שול האָט מען נאָך געקענט שטעלן דעם גראמאטישן לימעד אזא באגרענעצט פראקטישן צוועק, איז דאָס אין דער יידישער שול אומעגלעך. דאָ האנדלט זיך וועגן דעם אונטערשייד צווישן די אָרטאָגראפיעס פון די צוויי שפראכן. אין קעגנזאץ צו דער רוסישער אָרטאָגראפיע, האָט די יידישע ווייניק צו טאָן מיט גראמאטיק. ווען מע זאָל לערנען גראמאטיק צוליב אָרטאָגראפיע, וואָלט מען קימאט גאָר קיין גראמאטיק ניט געדארפט לערנען.

גראמאטיק דארף מען טאקע צוליב „ריכטיק שרײַבן“, אָבער ריכטיקײַט פון שרײַבן איז ניט נאָר אָרטאָגראפיע. אין שרײַבן (ווי אין ריידן) זײַנען מעגלעך גראמאטישע גרײַזן. זיי שעדיקן די שפראך, לאָזן זי ניט אויספילן איר סאָציאלע פונקציע ווי געהעריק. דורכן גראמאטישן לימעד דארפן די שילער באהערשן א ריכטיקע און בייגעוודיקע שפראך.

אין מעטאָדיק פון גראמאטיק איז בארימט געוואָרן דער מעטאָד פון נאָכ-מערקונג (אכטגעבונג) איבער דער שפראך. איין צײַט האָט מען אפילע דעם לימעד גופע גערופן ניט „גראמאטיק“ נאָר „נאָכמערקונג איבער שפראך“, ד. ה. מיטן נאָמען פונעם מעטאָד. דער מעטאָד איז בעעצעם ריכטיק, אָבער מע האָט איבערגעשאצט זײַן ווערט און מעגלעכקײַט.

דער אלטער מעטאָד פון גראמאטישן לימעד קען כאראקטעריזירט ווערן אלס פאסיווער, ווערבאלער און דאָגמאטישער.

לויטן אלטן מעטאָד פלעגט דער לערער דערקלערן די שילער א געוויסן גראמאטישן קלאל און אילוסטרירן אים מיט בײַשפּילן; די שילער פלעגן עס אויסלערנען. די שילער זײַנען דאָ געווען פאסיוו — זיי האָבן נאָר געדארפט הערן און באנעמען, וואָס דער לערער זאָגט.* דער אויפן פון באקומען די קענטעניש איז דאָ געווען ווערבאל — די שילער האָבן געהערט דעם לערערס ווערטער, אָבער ניט געזען קיין מײַסים, ניט געזען, וויאזוי ווערט דער קלאל

* עמעס, הערן, נאָך מער — באנעמען, נאָך מער — אויסלערנען, זײַנען אקטיווע האנדלונגען פונעם שילער. אָבער אין פארגלײַך מיט דער אקטיוויטעט פונעם נײַעם מעטאָד איז עס פאסיווקײַט.

געשאפן. * דער אויפן פון אופנעמען די קענטעניש איז דאָ געווען דאָגמא-טיש — די שילער האָבן געדארפט גלייבן דעם לערער אפן וואָרט, וואָרעם ניט זיי פלעגן אויסגעפינען דעם קלאל, נאָר ער פלעגט זיי אונטערגעטראָגן ווערן א גרייטער, און איליוסטרירט מיט יענע ביישפילן, וואָס דער לערער (אָדער דער לערבוך) פלעגט צוקלייבן.

דער נאָכמערק-מעטאָד דארף אין אידעאַל פאָרשטעלן א פולן קעגנזאץ צום אלטן מעטאָד.

דער לימעד דאַרף זיין ניט ווערבאל, נאָר רעאל: די שילער האָבן דאָ צו טאָן ניט מיטן לערערס אָדער לערבוכס ווערטער, נאָר מיט די קאָנקרעטע פאקטן פון דער שפראך**, פונקט ווי אין פיזיק, ווען זי ווערט געלערנט לויטן ארבעט-מעטאָד, זעט דער שילער (און ער רופט זיי טאקע ארויס) די געהעריקע נאטור-דערשיינונגען גופע, ניט ער הערט דעם לערערס רייד וועגן זיי.

די שילער דארפן זיין אקטיוו: ניט אויסהערן פונעם לערער (אָדער אויס-לייענען פונעם ביכל) א גראמאטישן קלאל, נאָר אליין אים אויספירן, ארויסבא-קומען אים פון די שפראכלעכע דערשיינונגען. פריער דאַרפן די קינדער דער-קענען די שפראכלעכע פאקטן, דערנאָך סיסטעמאטיזירן זיי און פאָרמולירן אין קלאָלים.

די באציונג פון די שילער צו די באהערשטע פאקטן דארף זיין ניט דאָג-מאטיש, נאָר קריטיש; ס׳פארשטייט זיך! דאָגמאטיש קען מען זיך באציִען צו עמעצנס רייד, אָבער ניט צו פאקטן, וואָס מע מערקט אליין נאָך.

אזוי ארום דארפן די שילער אליין „ווידעראנטדעקן” פאר זיך די יידישע גראמאטיק — יענע וויסנשאפט, וואָס איז אין איר צייט אנטדעקט געוואָרן פון געלערנטע. זיי דארפן זיך אויסלערנען אָנווענדן דעם וויסנשאפטלעכן מעטאָד פון אינדוקציע (פון פאקטן קומען צו אלגעמיינע אויספירן).

דער נאָכמערק-מעטאָד איז אין זיין עקסטרעמער פאָרמע ניט דערגרייכלעך און ניט נייטיק. צוזאמען מיט די מיילעס האָט ער כעסרוינעס אויך:

1) ער נעמט אָפּ א מאסע צייט.
2) ער קען ווערן נודנע פאר די שילער.
3) די קלייניקייטן, וואָס מע מוז סקרופולעז (גריבלענדיק זיך) אויסגעפינען און פארעגיסטרירן, קאָנען פארשטעלן דעם סינטעז.
4) אמאָל קען ער שאטן פאר דער נאָרמאטיווער גראמאטיק.

---

* ווידער אמאָל: עָמעס, די ביישפילן, וואָס דער לערער פלעגט מיט זיי איליוסטרירן זיינע קלאָלים, זיינען ניט געווען ווערבאל — דאָס איז שוין א שטיקל רעאלע ווירקלעכקייט, אָבער אין פארגלייך מיט דער רעאלקייט פון אונדזער מעטאָד איז עס ווערבאליזם.

** דאָס, וואָס די שפראך אליין באשטייט פון ווערטער, מאכט ניט, פארשטייט זיך, די נאָכמערקונגען איבער די ווערטער פון דער שפראך פאר א ווערבאלן מעטאָד.

5) דער מעטאָדאָלאָגישער צוועק — לערנען אינדוקציע — קען סײַווי ניט דערגרייכט ווערן, וואָרעם אז ווייניק צוגעגרייטע שילער דארפן אין איין לימעד אויסגעפינען אליין דאָס, וואָס אין דער געשיכטע פון דער וויסנשאפט האָט גענומען יאָרן — איז קלאָר, אז קיין וויסנשאפטלעכער מעטאָד קען דאָ ניט גילטן. מע קען ניט צוציִען די נייטיקע צאָל פאקטן, ניט אָנווענדן די נייטיקע שטרענגקײַט פון מעטאָד.

דעריבער דארף מען באנוצן ניט קיין ריינעם, נאָר א טיילווײַזן נאָכמערקמעטאָד.

אכוץ נאָכמערקונג פון פאקטן איז נייטיק עקספערימענטן. ווען מע פארבײַט אשטייגער א סובסטאנטיוו איינצאָל אף מערצאָל, קעדיי צו זען, וואָס ווערט מיטן באשטימוואָרט, איז עס א שפראכלעכער עקספערימענט, אנאַלאָגיש מיט א כעמישן עקספערימענט.

דער מעטאָד דארף, הייסט עס, באשטיין פון נאָכמערקונג, עקספערימענט, עווריסטישע פראגעס פונעם לערער, פּאַשעטער מיטיילונג פונעם לערער.

אין אייניקע פאלן קומט נאָך די נאָכמערקונגען קיין שום פאָרמולירונג ניט: ס'איז נאָך צו פרי, מע דארף נאָך קלײַבן גראמאטישן באגאזש. דאָס ראָוו אָבער קומט באלד אין יעדן לימעד א פאָרמולירונג. מע דארף האלטן פאר א מײַלע פון דער אלטער גראמאטיק—די סטאנדארטיזירטע פאָרמולירונגען (עמעס, זיי זײַנען אָפטמאָל געווען פאלש — דאָס איז א באזונדער זאך). די נײַע מעטאָדיק דארף אויך געפינען א סטאנדארט. עס קען ניט שאטן אויסלערנען די פאָרמולירונגען (ווי מע לערנט אויס די אריפמעטישע פאָרמולירונגען: זיבן מאָל אכט — זעקס-און-פופציק).

איינצײַטיק מיט א נײַער דערשײַנונג דארף מען געבן דעם טערמין (אויב מע גיט ביכלאל א טערמין). ס'האָט ניט קיין זינען, ווי אייניקע מעטאָדיסטן לייגן פאָר, געבן דעם טערמין ערשט נאָכדעם, ווי די דערשײַנונג איז אינגאנצן דערלערנט. א טערמין איז אן אָנהאלט פאר דער דערשײַנונג צו געדענקען זי. מיר געדענקען בעסער א נײַעם באקאנטן מענטש, א נײַעם אָרט, א נײַעם געצײַג, ווען מיר וויסן פאר זיי א נאָמען. און אויב מע זאָל אויסמײַדן געבן טערמינען, וועלן די שילער פּאַקטיש אליין שאפן עפּעס אָנרופונגען, עפּעס סוראָגאטן פון טערמינען. מע דארף אָבער זען, אז דער טערמין זאָל ניט פארשטעלן מיט זיך די דערשײַנונג, זאָל ניט שטערן ארײַנצודרינגען אין דער דערשײַנונג גופא. מע דארף אויך זען, אז דער שילער זאָל ניט מיינען, אז וויסן דעם טערמין הייסט שוין — וויסן די דערשײַנונג.

אמאָל טרעפט, אז די שילער לייגן פאָר אן אנדער טערמין אָנשטאָט דעם, וואָס דער לערער גיט. פּרינציפּיעל איז דאָס ניט דערלאָזלעך — די מײַלע פון א טערמין איז דאָך זײַן פעסטגעשטעלטקײַט און ענדגילטיקײַט. אָבער בא הײַנטיקן צושטאנד פון דער יִדישער שפּראכטערמינאָלאָגיע קען עס אמאָל זײַן נוציק. יעדנפאל דארף דער לערער ניט צופיל נאָכגעבן דערין.

צי דארף מען אויסטײַטשן א טערמין? א טערמין, וואָס לאָזט זיך אויס-טײַטשן (צײַטוואָרט), איז בעסער אויסטײַטשן; אזא, וואָס איז פרעמד (סוב-סטאנטיוו) אָדער אנטשפּרעכט ניט דעם אינהאלט (זאך) אָדער איז ריין-קאָנ-ווענציאָנעל (ערשטער מין) — דארף מען ניט אויסטײַטשן.

מע קען אמאָל פאָרלייגן די שילער, זיי זאָלן אליין פּרווון דערקלערן א טער-מין.

א וויכטיקע פאָדערונג צום מעטאָד פון גראמאטיק איז — יעדער לימעד זאָל געבן עפּעס נײַס. אין גראמאטיק איז עס שווערער אויסצופירן, ווי א שטייגער אין מאטעמאטיק — און דאָס איז טאקע איינע פון די סיבעס, פארוואָס דער לימעד פון גראמאטיק איז געוויינלעך ניט אינטערעסאנט, בייס דער לימעד פון מאטעמאטיק איז געוויינלעך אינטערעסאנט. וואָרעם אין גראמאטיק סיסטעמאטיזירט מען און מע טראָגט ארויס אין באוווסטזײַן דאָס, וואָס איז שוין אייגנטלעך פאראן בא די שילער. דאָך טאָר מען זיך פון דער פאָדערונג ניט אָפּזאָגן. אין לערנבוך האָב איך געשטרעבט געפינען די ריכטיקע פּראָפּאָרץ צווישן סיסטעמאטיזירונג און נײַס-דערוויסונג.

פון צײַט צו צײַט דארף מען איבערכאזערן א טייל געלערנטן מאטעריאל, דאָס הייסט—באטראכטן פאר איין לימעד דאָס, וואָס האָט פריִער פארנומען עטלעכע לימודים און וואָס האָט דערפאר ניט געקאָנט עפשער געבן די נוי-טיקע פּערספּעקטיוו.

# IV. מעטאָדיק פון לעקסיק און סעמאַנטיק

דער צוועק פון לעקסיש-סעמאַנטישן סעקטאָר פון שפּראַכלימעד איז קלאָר — באַרײַכערן דעם שילערס לעקסיקאָן, פראַזעאָלאָגיע, זײַן סינאָנימיק, זײַן באַטײַטן-אויצער, ד. ה. באַגריפן-אויצער. דאָ גרענעצט דער שפּראַכלימעד מיט אַלע איבעריקע לימודים, וואָרעם יעדער נײַער באַגריף פון מאַטעמאַטיק, געזעלשאַפטקענטעניש א. א. וו. איז א נײַער וואָרט אין לעקסיקאָן.

די באַרײַכערונג פונעם שילערס לעקסיקאָן גייט-דורך דורך אַלע פיר לערניאָרן (און ווערט פאַרגעזעצט ווײַטער — א גאַנצן לעבן). יעדן טאָג דאַרפן זיך די קינדער דערוויסן נײַע ווערטער — אַניט האָט די שול ניט אויסגעפילט איר כיוו אין שפּראַכלימעד.

כוץ נײַע ווערטער מיט נײַע באַטײַטן, דאַרף מען געבן דעם שילער נײַע ווערטער פאַר אַלטע באַטײַטן: די ליטעראַרישע ווערטער, וואָס דאַרפן פאַרבײַטן מיט זיך די פאָלקסטימלעכע אָדער ליטעראַריש ניט אָנגענומענע, רוסיזמען און פּראָווינציאַליזמען.

איין געביט איז אָבער פאַראַן, וואָס מע דאַרף אים ניט באַרײַכערן, נאָר אָדערקעגן פאַראָרעמערן און, אין אידעאַל, פאַרניכטן. דאָס זײַנען די שאָוויניסטישע ווערטער, פאַראַכטווערטער פאַר מענטשן פון אַנדערע נאַציעס: גוי, גויע, שייגעץ, שיקסע, פייגערן א. ד. גל. אין דער פאָלקשפּראַך לעבן אַזעלכע ווערטער אַלס אַן אָפּשפּיגלונג פון געוויסע סאָציאַלע פאַרהעלטענישן. זיי מעגן זיך פאַרשטעלן א גרויסן ווערט פאַר דער קולטור-געשיכטע, אָבער זיי שטעלן פאָר נאָר א נעגאַטיוון ווערט פאַר דער קולטור. דער קאַמף מיט אַזעלכע ווערטער, אויב די קינדער האָבן זיי געבראַכט פון דער היים, דאַרף זיך אָנהייבן שוין אין ערשטן לערניאָר. פאַרשטייט זיך, אַז דידאַקטישע שפּראַכלעכע אַרבעט ווערט פאַרבונדן מיט א דערציִערישער אַרבעט.

די מעטאָדיק פון לעקסיק און סעמאַנטיק איז נאָך ווייניק באַאַרבעט, און נאָך ווייניקער איז באַאַרבעט יענער קאָנקרעטער מאַטעריאַל, וואָס אויף אים דאַרף זיך שטיצן דער לימעד פון לעקסיק און סעמאַנטיק.

פון די מעטאָדן קען מען אָנווײַזן דידאַקטיקע:

1) יעדן נײַעם וואָרט, וואָס די שילער טרעפן (אין לייענען, אין ריידן) — דאַרף מען זיי פאַרטײַטשן (אָדער זיי אַליין דאַרפן אָפּזוכן דעם טײַטש אין א

ווערטערבוך — א מעטאָד, וואָס מע קען אין דער ייִדישער שול דערווײַל ניט פּראַקטיקירן).

2) מע דאַרף סיסטעמאַטיש דערלאַנגען די שילער נײַע ווערטער, גרופּירט אָדער לויט דער פאָרמע (צ. ב. סובסטאַנטיוו מיט -ער, -ערײַ, ווערבן מיט אַרוף, אַראָפּ), אָדער לויטן מאַטעריעלן באַטײַט (צ. ב. ווערטער, וואָס זײַנען שײַעך צום שול-לעבן, צו שנײַדערײַ, צו עלעקטריע).

3) די שילער דאַרפן פאַרשרײַבן די ווערטער אין א ווערטערבוך (דאָס איז באַזונדערס וויכטיק פאַר דער ייִדישער שול, וואָס קען קיין געדרוקטן ווער-טערבוך ניט אויסנוצן).

א פּרינציפּיעלער כילעק צווישן גראַמאַטישן און לעקסישן לימעד באַשטייט אין דעם, וואָס גראַמאַטיק קען די שול פּרעטענדירן אויסלערנען אינגאַנצן ניט אין פיר יאָר — איז אין זיבן, אין נײַן), בייס לעקסיק לערנט מען פאַרן גאַנצן לעבן ניט אויס אינגאַנצן. דעריבער מוז מען דאָ מאַכן אן אָפּקלײַב: וועלכע ווערטער זאָל די שול אויסלערנען. צוליב דעם דאַרף מען פריִער דער-לערנען דעם קינדס לעקסיק און סעמאַנטיק. אָט-די אַרבעט איז נאָך אין דער ייִדישער מעטאָדישער ליטעראַטור און פּראַקטיק ניט אָפּגעטאָן. דעריבער איז אין מײַן אַרבעטבוך דער לעקסיש-סעמאַנטישער טייל שוואַכער באַאַרבעט, ווי דער גראַמאַטישער און אָרטאָגראַפישער. דעם לערער וועט דאָ אויסקומען מער פאַרלאָזן זיך אַף זיך אליין.

# V. מעטאָדיק פון אָרטאָגראפיע

פולקום שריפטקענעוודיק רופן מיר אָן אזא מענטשן, וואָס שרײַבט אָן אָרטאָגראפישע גרײַזן, ניט פארטראכטנדיק זיך דערבײַ איבערן אויסלייג פון וואָרט. אויב איינער שרײַבט אָן גרײַזן, אָבער ער דארף זיך אלעמאָל דערמאָנען, וויאזוי שרײַבט זיך דער און דער וואָרט — טויג עס ניט, אזא שריפטקענעוודיקײַט איז ווייניק נוציק אין לעבן. באם שרײַבן דארפן מיר טראכטן וועגן דעם, וואָס מיר שרײַבן, און ווי צו שרײַבן ריכטיק — דאָס דארף קומען מעכאניש.

דעריבער איז דער צוועק פון אָרטאָגראפישן לימעד אין שול — ניט אין דעם, דער שילער זאָל וויסן די קלאָלים פון אויסלייג, נאָר דער שילער זאָל מעכאניש שרײַבן ריכטיק.

אין שול איז וויכטיק ניט אָרטאָגראפיע, אלס וויסנשאפט (אָרטאָגראפיע אלס וויסנשאפט איז נייטיק פארן לערער, ניט פארן שילער), נאָר אָרטאָגראפיע אלס קונסט, אלס געוווינשאפט. „די אָרטאָגראפיע אנטהאלט זיך אין אונדזערע מוסקולן און נערוון". די פיריאָריקע שול מוז (זאָל זײַן „צום באדויערן") זיך באוווסטזיניק באגרענעצן בלויז מיט א געוויסן טייל פון דער ייִדישער אָרטאָגראפיע. ניט די שול, ניט די קינדער אָדער די געזעלשאפט, קענען ניט פרעטענדירן דערויף, אז פון פיר יאָר לערנען זאָל מען ארויסגיין מיט א פולשטענדיקער אָרטאָגראפישער קענעוודיקײַט.

אין פלוג זײַנען שײַעך צוויי סאָרטן מעטאָדן אויסצולערנען אָרטאָגראפיע: פראקטישע, געגרינדעטע אף שרײַבן ריכטיק, און טעאָרעטישע, געגרינדעטע אף באקאנטשאפט מיט דער פונקציע פון יעדן שריפטצייכן, מיט די פרינציפן און קלאָלים פון אויסלייג. פריִער האָט מען גע׳איינט, אז די טעאָרעטישע מעטאָדן זײַנען די בעסטע צי אפילע די איינציקע, און יעדנפאלס — די ערשטע, פון וועלכע מע דארף אָנהייבן. הײַנט האלטן מיר, אז דער וויכטיקסטער און זיכערסטער וועג צו אָרטאָגבאקומען אפישע געוווינשאפטן איז פראקטיק. „קעדיי זיך אויסלערנען די טעכניק פון קלאוויר-שפיל, דארף מען שפילן קלאוויר, ניט פארנעמען זיך אָנשטאָט דעם מיט מוזיק-טעאָריע".

מע קען אָבער ניט מאסקים זײַן מיט יענע עקסטרעמיסטן, וואָס בויגן-איבער דעם שטעקן אין דער צווייטער זײַט און ווילן האָבן, אז פאר טעאָריע איז באם אָרטאָגראפישן לימעד גאָר קיין אָרט ניטאָ. א געוויסע ראָליע, עמעס

א באגרענעצטע, שפילט טעאָריע אויך. (דערבײַ דארף מען אָנמערקן, אז פארשיידענע שפראכן באזיצן פארשיידן געבויטע אָרטאָגראפיעס, וואָס דארפן געלערנט ווערן אף פארשיידענע אויפאנים. באם אויסלערנען די ייִדישע אָרטאָגראפיע שפילט טעאָריע א קנאפערע ראָליע, ווי בא דער רוסישער).

אין גרונט פון די פראקטישע מעטאָדן פון אָרטאָגראפישן לימעד ליגט דער פרינציפ: דער שילער זאָל שרײַבן, ניט מאכנדיק קיין גרײַזן און ניט זעענדיק קיין גרײַזן.

דער פרינציפ קען פארווירקלעכט ווערן דעמאָלט, אויב דער שילער זאָל שטענדיק, קאָלזמאן ער האָט זיך נאָך ניט אָנגעייגנט די אָרטאָגראפישע געווינשאפטן, אַראָפשרײַבן נאָר פון ריכטיק געשריבענע טעקסטן און לייענען נאָר ריכטיקע טעקסטן.

דער פרינציפ — ניט זען און ניט מאכן קיין גרײַזן — דארף אָפגעהיט ווערן פון סאמע אָנהייב אָן, פון זינט דער שילער נעמט לערנען לייענען און שרײַבן. פ ראן געוויסע פונקטן אין אָרטאָגראפיע, וואָס זײַנען ענג פארבונדן מיט גראמעטע (באצייכענונגען יי, ײַ, וי אָנשט. עי, אַי, אָי, שטומער א, באצייכע.ונג זש א. א.) אויב דער לימעד פון גראמעטע איז געשטעלט ווי געהעריק, וועלן די שילערס קיינמאָל ניט מאכן אזעלכע גרײַזן, ווי עינער אָדער יינער אָנשט. איינער, שזורנאל אָנש. זשורנאל אדג. אהער געהערט אויך דער וויכטיקער פונקט פון ייִדישן אויסלייג, וועלכער ווערט צו אָפט ארויסגעלאָזן פון זינען — אונטערשיידן a און o (א — אָ), ej און ai (יי—ײַ), f און p (פ — פּ).

(זעלבסטפארשטאנדיק, אז אויב מיר האָבן נאָך ניט קיין גוטע אלעפבייז-ביכער, קען דאָ דער לערער קנאפ-וואָס העלפן).

אויך אזעלכע גרײַזן, ווי פארפעלן אויסיעס, איבערשטעלן אויסיעס, פארבײַטן אויסיעס, וועלן קיינמאָל ניט פאָרקומען, אויב דער לימעד פון גראמעטע איז געווען גוט אוועקגעשטעלט.

די פרימיטיווע פאָרמע פון פראקטישן מעטאָד אויסצולערנען אָרטאָגראפיע איז — אראָפשרייבן פון א ריכטיקן טעקסט. דאָס האָט אָבער כעסרוינעס: ערשטנס, קען עס גרינג ווערן א נודנע, ניט-אינטערעסאנטע ארבעט, און יעדנפאלס גיט עס גאָרניט פאר דער גײַסטיקער אנטוויקלונג. צווייטנס, קען עס גרינג מעכאניזירט ווערן, און מעכאנישער אראָפשרײַבן גיט ווייניק אָרטאָגראפישן נוצן, ווײַל די אָרטאָגראמע (דער אויסלייג פון וואָרט) אסאציִירט זיך דעמאָלט ניט מיטן באטײַט פון וואָרט. די כעסרוינעס קען מען אויסמײַדן. שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם, אז אראָפשרײַבן דארף מען קורצע און אינטערעסאנטע זאכן — קען מען אינעם אראָפשרייבן גופע ארײַנטראָגן אין א גרעסערער אָדער קלענערער פראָפאָרץ א שעפערישן מאָמענט. צוליב דעם זײַנען דאָ צוויי סאָרטן מיטלען:

a. פארבינדן די אראָפשרײַבונג מיט פרײַען שרײַבן.

ט. פֿאַרבינדן די אַראָפּשרײַבונג מיט צוזוכונג.

a) מע קען געבן אַ אָפּשרײַבן אַ טעקסט מיט געוויסע ענדערונגען: אי־בערמאַכן פֿון איינצאָל אין מערצאָל, איבערמאַכן פֿון פֿאַרגאַנגענהײַט אין קעגנ־וואַרט, פֿון דריטער פּערזאָן אין ערשטער אאַז״וו.

פֿון פּינקטלעכער אַראָפּשרײַבונג דאַרף מען ביסלעכווײַז אַריבערגיין צו פֿרײַערער. דערלאָזן אַרײַנטראָגן געוויסע ענדערונגען אין טעקסט, וואָס ווערט אַראָפּגעשריבן (פֿאַרשטייט זיך, ניט קיין אָרטאָגראַפֿישע ענדערונגען). דאָס איז נייטיק שוין צוליב דעם אַליין, קעדיי די שילער זאָלן ניט אַראָפּשרײַבן אויסעס־ווײַז, נאָר זיי זאָלן אַסאָציִירן די אָרטאָגראַפֿיע פֿון גאַנצע ווערטער מיטן באַטײַט פֿון די ווערטער.

פֿונדאַנען איז אַ דירעקטער איבערגאַנג צו פֿרײַען דיקטאַט.

פֿרײַער דיקטאַט באַשטייט אין דעם, וואָס דער לערער לייענט פֿאָר פֿאַרן קלאַס אַ געוויסן טעקסט, פֿריִער אינגאַנצן, דערנאָך נאָך אַמאָל באַזונדערע שטיקערווײַז. באַם צווייטן פֿאָרלייענען שרײַבן די קינדער יעדן שטיק אין דער פֿאָרמע, ווי זיי האָבן פֿאַרגעדענקט. די שטיקער זײַנען גענוג גרויסע, אַז די שילער זאָלן ניט קענען נאָכשרײַבן וואָרט נאָך וואָרט, אָבער ניט אַף אַזוי־פֿיל גרויס, אַז ס'זאָל זיך ניט באַקומען קיין גענוג קלאָרע בילד פֿון דעם, וואָס דאָרט ווערט דערציילט, אָדער באַשריבן (אַ שטיק קען האַלטן איינע — צוויי געדרוקטע שורעס). פֿאַרן לייענען פֿאַרשרײַבט דער לערער אַפֿן טאָוול די אָרטאָגראַפֿיש שווערע ווערטער, וואָס קומען פֿאָר אין טעקסט. ווען דעם שילער קומט אויס צו שרײַבן אַזאַ וואָרט, שרײַבט ער אים אַראָפּ פֿון טאָוול. ווען אַ וואָרט, וואָס פֿאַרשווועריקט דעם שילער, איז אַפֿן טאָוול ניטאָ, פֿרעגט ער דעם לערער. פֿרײַער דיקטאַט האָט די מײַלעס אי פֿון פֿרײַער שאַפֿונג, אי פֿון אַראָפּשרײַבונג. באַזונדערס נוציק איז ער צום אויסלערנען דעם אויסלייג פֿון דיאַלעקטיש פֿאַרשיידענע פֿאָרמעס (אינטערדיאַ־לעקטישער פּרינציפּ) און פֿאַרשיידענע פּרעפֿיקסן און סופֿיקסן. פֿאַרשטייט זיך אַז דער פֿרײַער דיקטאַט אַלס קאָמפּראָמיס־פֿאָרמע האָט אירע געוויסע כעסרוינעס.

אַ ווײַטערע שטופּע איז — אויפֿשטעלן פּראָזעס אַף געגעבענע ווערטער. דער לערער לייגט פֿאָר געוויסע ווערטער (יענע, אין וועלכע אַ היפּשער טייל שי־לער מאַכן גרײַזן), און די שילער שטעלן־אויף באַזונדערע פּראָזעס, בעסער גאַנצע דערציילונגען אָדער באַשרײַבונגען, אין וועלכע ס'זאָלן פֿאָרקומען די ווערטער. אויב די ווערטער זײַנען ווי געהעריק צוגעקליבן, ווערן דאָ אויך, ווי אין פֿרײַען דיקטאַט, פֿאַראייניקט די מײַלעס פֿון פֿרײַער שאַפֿונג און פֿון אַראָפּ־שרײַבונג. (די געגעבענע ווערטער ווערן אָנגעשריבן אַפֿן טאָוול).

b) אויסקלײַבערישע אַראָפּשרײַבונג. מע שרײַבט אַרויס פֿון אַ טעקסט בלויז ווערטער אָדער באַזונדערע גרופּעס ווערטער לויט אַ געוויסן קריטעריִ (צ. ב. ווערטער, וווּ ס'קומט פֿאָר אַ ה אָדער וווּ ס'קומט פֿאָר אַ טראַפֿיקער נ אאַז״וו., אָדער סובסטאַנטיוון צוזאַמען מיט אַדיעקטיוון אאַז״וו.).

**אויסקלײַבערישן אראָפּשרײַבן איז באקוועם אָנצווועגדן קעגן אינדיווידועלע גרײַזן.**

מע קען אויך געבן אראָפּשרײַבן פון א דעפאָרמירטן טעקסט: צעוואָרפענע ווערטער צעשטעלן אין א געהעריקן סיידער (צ. ב. אופשטעלן א פראזע פון די ווערטער: ארום, אסאך, וואקסן, בלימעלעך, דעם שטיבל); ארײַנשטעלן אין א טעקסט פארפעלטע ווערטער, אָבער אזעלכע, ווו מע זאָל קיין מוירע ניט האָבן פאר קיין גרײַז.

אראָפּשרײַבונג, אפילע מיט די אלע מאָדיפיקאציעס, קען פונדעסטוועגן ניט בלײַבן דער איינציקער פראקטישער מיטל פון אָרטאָגראפיע-לימעד. ס'דארפן האָבן אן אָרט אָרטאָגראפישע געניטונגען אויך.

פארשיידענע טיפּן אָרטאָגראפישע גענטונגען (צווישן זיי אויך דיקטאט) זײַנען אויסגענוצט אינעם ארבעטבוך, וועל איך זיך דאָ אף זיי ניט אָפּשטעלן.

כוץ די ביז אהער באטראכטע דירעקטע מעטאָדן, זײַנען פאראן אומדירעקטע: אויסנוצן פאר אָרטאָגראפישע צוועקן דאָס לייענען און דאָס „נאָרמאלע“ (ניט ספּעציעל אָרטאָגראפישע) שרײַבן. ביכלאל האָט דאָס לייענען קימאט קיין ווירקונג ניט אפן אויסלערנען זיך ריכטיק שרײַבן, וואָרעם מע לייענט ניט קיין באזונדערע בוכשטאבן, און אכוצדעם זײַנען די געדרוקטע אויתיעס אין יידיש ווייניק ענלעך צו די געשריבענע. ס'איז אָבער נוצלעך פון צײַט צו צײַט ספּעציעל ווענדן די קינדערשע אופמערקזאמקייט אפן אויסלייג פון דעם אָדער יענעם וואָרט, וואָס זיי האָבן באגעגנט באם לייענען, און אזוי געבן זיי אָרטאָגראפישע געוווינשאפטן, אויב ניט פון האנט, איז פון אויג.

דער צווייטער אומדירעקטער מעטאָד איז פרײַע שאפונג. דאָ שטייען מיר פאר א דילעמע. מיר ווייסן, אז דער איינציקער מיטל זיך אויסלערנען שרײַבן ריכטיק איז — שרײַבן ריכטיק, קיינמאָל ניט מאכן און ניט זען קיין גרײַזן. בא פרײַער שריפטלעכער שאפונג, ווען די קינדער שרײַבן אליין אין די העפטן, ניט זיי שרײַבן אראָפּ פון טאָוול — קען מען ניט זײַן זיכער, אז זיי וועלן ניט מאכן קיין אָרטאָגראפישע גרײַזן. נאָך מער: מען קען זײַן זיכער, אז זיי וועלן מאכן אָרטאָגראפישע גרײַזן. און יעדער געמאכטער גרײַז איז אן איבעריקער פאקטאָר פון ווײַטערדיקן גרײַזיקן שרײַבן. הייסט עס, פרײַע שאפונג איז א פײַנט פון אויסלערנען אָרטאָגראפיע. הייסט עס, מיר האָבן א דילעמע: אָרטאָגראפיע — צי פרײַע שאפונג? מע דארף זיך ניט נארן וועגן דער שארפקײַט פון דעם ווידערשפּרוך.

אף דער פראגע דארף מען ענטפערן אָפן און קלאָר: די אנטוויקלונג פון די שעפערישע קויכעס שטעלן מיר העכער, ווי דאָס אויסלערנען אָרטאָגראפיע. מיר לייגן ניט אָפּ פרײַע שאפונג ביז די קינדער וועלן באהערשן די אָרטאָגראפיע. זיי הייבן אָן אויסדריקן און שאפן שריפטלעכע געדאנקען נאָך דעמאָלט, ווען זיי שרײַבן מיט גרײַזן. מיר שטרעבן אָבער אָפּצושוואכן די אָרטאָגראפיש-שעדלעכע ווירקונג פון דער פרײַער שאפונג. זיי דארפן ניט צופיל

שרײַבן, די קינדער ווערן [illegible] צו פרעגן באם לערער וועגן יעדן סאָפּעקדיקן אויסלייג. קיין ראדיקאלער מיטל איז דאָס ניט: 1) די קינדער קענען אמאָל זײַן זיכער דאפּקע אין א פאלשן אויסלייג, ניט האלטנדיק אים פאר א סאָפּעקדיקן, 2) ניט שטענדיק קענען זיי פרעגן דעם לערער, 3) זיי דארפן ניט צו אָפט פרעגן, קעדיי ניט איבערצורײַסן דעם געדאנקענגאנג באם שרײַבן.

מע דארף אויסנוצן פאר א סטימול צו שרײַבן אָרטאָגראפיש ריכטיק די נאטירלעכע שטרעבונג זיך ארויסצוווײַזן פאר זײַטיקע וואָס שענער. אין דער וואנטצייטונג, אין שול-זשורנאל, אין דער שול-אויסשטעלונג, אין קאָרעספּאָנדענץ מיט אנדערע שולן דארפן קיינע אָרטאָגראפישע גרײַזן ניט דער-לאָזט ווערן.

ס'איז גוט דורכצופירן פון צײַט צו צײַט אן עפנטלעכע אָרטאָגראפישע רעוויזיע פון אלע פלאקאטן, וואנטצײַטונגען, מעלדונגען.

מיטן נאָמען „טעאָריע", אלס אָרטאָגראפישער מיטל, מיינט מען ניט אויס-כאזערן צעטלען ווערטער פון געוויסע אָרטאָגראפישע קאטעגאָריעס (דאָס איז ניט נוציק), נאָר אויסלערנען אָרטאָגראפישע פאָרמולירונגען, גראמאטישע קלאָלים, האָבן א באגריף וועגן אָרטאָגראפישע פּרינציפּן. ניט אלץ קען מען אויסלערנען דורך אראָפּשרײַבן און דורך די פארשיידענע מאָדיפיקאציעס פון דעם אראָפּשרײַבן און ניט אלץ לוינט זיך לערנען דורך אזא לאנגזאמען טעמפּ, ווי באם אראָפּשרײַבן. אָט זײַנען די וויכטיקסטע פונקטן, ווו מע מוז אָדער עס לוינט אָנקומען צו טעאָריע.

1) באצייכענונג פון ווייכע קאָנסאָנאנטן דורך „י" (ווייכקײַט ווערט בא-צייכנט בלויז פאר א וואָקאל); ניט שרײַבן קײַן ע פאר א טראפּיקן נ, ל; ניט שרײַבן קיין שטומע א, ה (אויב עמעצער שרײַבט אזוי).

2) גרענעץ פון וואָרט. אונטערשיידן איבעראיאָר און איבער א יאָר קאָן מען זיך דורך אראָפּשרײַבן ניט אויסלערנען.

3) מאָרפאָלאָגישער פּרינציפּ (אויב אפילו זאָגט און בראָקט קען מען אויסלערנען דורכן בלויזן אראָפּשרײַבן, איז אָבער וועגט — וועקט, זינגט — זינקט בעט זיך, מע זאָל מאכן א פאָרמולירונג).

4) אייניקע טיילן פון פּונקטואציע.

5) דער צושטאנד פון דער יידישער אָרטאָגראפיע אין איר פאקטישן ארויסווײַז (די אָרטאָגראפישע פארשיידנארטיקײַט פון די יידישע דרוקזאכן) צווינגט אָנווענדן „טעאָריע" (אייגנטלעך פּאָשעט דאָמאטיזם) אויך אין פיל אנדערע פאלן, אכוץ די אויסגערעכנטע. ווען ס'וועט נאָרמאליזירט ווערן דער צושטאנד פון דער יידישער אָרטאָגראפיע, וועלן די פראקטישע מעטאָדן פון אויסלערנען אָרטאָגראפיע אָנהייבן שפּילן א גרעסערע ראָליע.

אין צוזאמענהאנג מיט דער פראגע וועגן טעאָריע, אלס מעטאָד, דארף מען אָנווײַזן: דער לערער דארף ניט שטרעבן שטענדיק באגרינדן די אָרטאָ-

גראפיע. פאראן ניט ווייניק פאקטן אין אונזער אָרטאָגראַפיע, וואָס די איינצי-
קע דערקלערונג זייערע (אָבער ניט בארעכטיקונג) איז דער קאפריזפולער
גאנג פון דער געשיכטע פון אָרטאָגראַפיע.

ס'איז קימאט איבעריק צו דערמאָנען, אז די אלע אָנגעוויזענע מעטאָדן
דארפן אָנגעווענדעט ווערן אינדיווידואליזירט לויטן פסיכאָלאָגישן טיפ פון דעם
אָדער יענעם שילער.

מעטאָדיק פון פּונקטואַציע איז נאָך גאָר שוואך באארבעט. דאָ איז
מער, ווי ערגעץ אנדערש, נייטיק טעאָריע, ד. ה. שרײַבן ניט מעכאניש, נאָר
באוווסטזיניק. דער ערשטער פרינציפ דארף זײַן (און עס דארף ווערן פאר די
שילער א געוווינשאפט): מע טאָר ניט שרײַבן אָן אָפּשטעלצייכנס. דער צווײ-
טער פרינציפ דארף זײַן: אָפּשטעלצייכנס זײַנען (אין א געוויסער מאָס) אָפּ-
העגניק פונעם שרײַבער אליין. זיי דריקן אויס דאָס, וואָס ער וויל דורך זיי
אויסדריקן. איין שילער מעג שטעלן א פּונקט דאָרטן, ווו א צווייטער וועט
שטעלן נאָר א קאָמע — אויב דער ערשטער לייענט דעם טעקסט מיט אן אנ-
דער אינטאָנאציע, ווי דער צווייטער. דעטאלערע אָנווייזן איז שווער צו געבן,
קאָלזמאן די סיסטעם פון דער יידישער פּונקטואַציע גופא איז נאָך ניט רעג-
לאָמענטירט.

# VI. וועגן קלאסיפיקאציע פון גרײַזן

קעדיי צו פארהיטן פון גרײַזן אָדער לעכאַלאפּאָכעס אויסראָטן זיי נאָכדעם ווי זיי קומען שוין פאָר, דארף מען זיי קוידעמקאָל קענען קוואליפיצירן, וואָרעם קעגן פארשיידענע גרײַזן דארף מען אָפטמאָל באנוצן פארשיידענע מעטאָדן.

די פּרינציפּן פון א קלאסיפיקאציע פון גרײַזן זײַנען נאָך ניט באארבעט ווי געהעריק. דאָ גיב איך א בעערעכדיקע קלאסיפיקאציע, געבויט אין פארשיי-דענע טײלן לויט פארשיידענע פּרינציפּן.

## I. אָרטאָעפּישע גרײַזן (גרײַזן אין אויסשפּראך):

1. דיַאלעקטיזמען: פלאָנטער פון צישקלאנגען (סאבעס, דרײַשיק, מענץ), לאביאליזירונג פון טראפיקן נ, ל (עסון, לעפול), אָ אנשט. א (טאָטע) א. א. וו.

2. „ריידן לויט דער שריפט" (אין יענע פאלן, ווו די שריפט שפּיגלט ניט אָפּ קיין דיַאלעקט): טרעפט זיך (אנשט. טרעפצאך אָדער טרעפצעך), וואָס זאָקט ער (אָנשט. וואָזאָקטער) א. א. וו.

3. פאלשער אקצענט. טאָפּעלער אקצענט אין צונויפזאץ (קלאָ'סנקאָ'מף אָנשט. קלאָ'סנקאמף, לאבאָראטאָ'ר-מע'טאָד אנשט. לאבאָראטאָ'ר-מעטאָד), אק-צענט אפן צווייטן טייל אין צונויפגעזעצטן פאמיליע-נאָמען (בערגלסאָ'ן אָנשט. בע'רגלסאָן).

II. אזעלכע גרײַזן ווי יעוואָפּע (אייראָפּע), גאָריזאָנט (האָריזאָנט), אלעס (אלץ) קען מען באטראכטן אלס **לעקסיש-אָרטאָעפּישע**.

III. „**לעקסישער גרײַז**" קען מען אָנרופן דעם באנוץ פון א ניט-ליטערא-רישן וואָרט (רוסיזם, פּראָווינציַאליזם א. ד. גל.): קאָמנאטע אָנשט. צימער, פּאָמייסט אָנשט. פּאָדלאָגע. מע קען זיי איַינטיילן אין רוסיזמען, אוקראַיִניזמען, ווײַסרוסיזמען, פּראָווינציַאליזמען א. א. וו.

IV. **גרײַזן אין וואָרטבילדונג**, א וואָרט מיט א געוויסער ניט-סינ-טאקסישער פאָרמע ווערט באנוצט אָנשטאָט א וואָרט מיט דערזעלביקער טעמע, אָבער מיט אן אנדער ניט-סינטאקסישער פאָרמע:

„אנטוויקלען זיין קינד א ריין רעוואָליוציאָנערן קלאסישן באוווּסטזײַן". דער וואָרט „קלאסיש" האָט אן אנדער באטײַט, ווי דער, וואָס דער אווטאָר איז דאָ אויסן געווען.

„קאַמף פאַר אַנאַלפאַבעטיזם" אָנשטאָט „פאַר אַלפאַבעטיזם", און פאַרקערט: „געווען אַן אַלפאַבעטן, איצט קאָן איך שרייבן" אָנשטאָט „געווען אַן אַנאַל-פאַבעטן".

„אַן עקסקורסיע אין מוזיי-רעוואָליוציע" אָנשטאָט „אין רעוואָליוציע-מוזיי" (אָדער: „אין מוזיי פון רעוואָליוציע").

„וואָס פאַרכאַפן זיי בא מיר אויס?"—קאָנטאַמינאַציע (צונויפמיש) פון: „וואָס פאַרכאַפן זיי בא מיר?" און „וואָס כאַפן זיי בא מיר אויס?".

„אופמערקזאַמער צו עקזאַמענירנדיקע"—מע מיינט געוויס: „צו די, וואָס עקזאַמענירן זיך".

ס'ווערט געגרייט שאָלעם-אַלייכעמס קאָמעדיע „די געבלאָנדזשעטע שטערן" (אַפילע אַ נאָמען פון אַ ווערק פאַרגרייזט!)

## V. פּראָזעאָלאָגישע גרייזן. אַהער געהערן:

1. ניט-פּאַסיקע פרעמדשפּראַכיקע פראַזעאָלאָגישע אויסדריקן.

די שפּראַך זאָגט זיך ביכלאַל ניט אָפּ אַריינצונעמען פאַקטן פון אַנדערע שפּראַכן. דאָס איז שייעך צו פראַזעאָלאָגיע אויך. די אויסדריקן: „די אַנדערע זייט מאַטבייע" (אָדער: „מעדאַל"), „דאָס איז פון אַן אַנדער אָפּערע" זיינען גע-קומען אין יידיש פון אַנדערע שפּראַכן. אָבער ס'זיינען פאַראַן עפּעס געזעצן, נאָך ניט אויסגעפּאָרשטע, וואָס מאַכן, אַז ניט יעדער איבערגעזעצטער פראַ-זעאָלאָגישער אויסדריק זאָל זיך פילן היימיש אין דער נייער שפּראַך. אָט זיינען אומגעלונגענע איבערגעזעצטע פראַזעאָלאָגישע אויסדריקן:

„ווי פאַרהיטן דאָס שטעטל פון „רויטן האָן".

„די דריי ליוויאָסנס, אויף וועמען עס האַלט זיך דער ווייסרוסלענדישער מעלוכע-תּאַרלאַג".

2. פּראַזעאָלאָגישע קאָנטאַמינאַציעס:

„יאַנקל שפּילט אַ וויכטיקן אָרט אין אָטריאַד" (IV 4)—קאָנטאַמינירט פון „שפּילט אַ ראָליע" און „פאַרנעמט אַן אָרט".

„דאָס איז נאָר איין מאָמענט פון דער מעדאַל"—קאָנטאַמינירט פון „איין מאָמענט" און איין „זייט פון דער מעדאַל":

„די טוירע וועגן „שטאָט-פּראָדוקטן פאַרן דאָרף" קען ער אויף איין פוס" פון „קען ער גוט" און „קען ער אויסלערנען אויף איין פוס". דער צוויי-טער אויסדריק איז דאָ ניט פּאַסיק, נאָר זוכנדיק (אומבאַוווסטזיניק) עפּעס אַ פיגוראַלן אויסדריק, האָט זיך דער שרייבער אָנגעשטויסן אויפן פראַזעאָלאָגישן (שטאַמפּירטן) אויסדריק „אויף איין פוס", וואָס האָט (אין דער באַקאַנטער טאַלמודישער דערציילונג) אַ שייכעס צו „טוירע".

**VI. סעמאַנטישע גרייזן,** ד. ה. באַנוץ פון אַ וואָרט ניט מיט זיין ריכטיקן באַטייט, קען מען איינטיילן אַזוי:

1. ווירקונג פון אן אנדער שפראך.

צווייִשפראכיקייט איז מעסוגל אָפּצושוואכן דעם שפראך-געפיל (אין ביידע שפראכן) און קען פירן צו סעמאנטישע גרייזן. ביישפילן:

'אונטערגיין אָנשט. פאסן: „וואָס ס'וועט אונטערגיין, וועלן מיר דרוקן איבערגעבן אָנשטאָט אונטעריכטן, לערנען (ווייזט-אויס פון רוסישן преподавать, וועלכער איז אופגענומען געוואָרן אלס передавать).

איבערפירן אנשט. איבערזעצן.

אָפּבייטן אָנשט. אָפּשאפן.

ארויסווארפן אָנשט. אָפּטאָן (א שפיצל).

באוווסט אָנשט. געוויס: בא באוווסטע באדינגען קען עס פּאָרקומען.

מאָדנע אָנשט. אין דער מאָדע.

פּריוואט אָנשט. ספּעציעל.

צופאל אנשט. פאל: „דאָס איז א פּריוואטער צופאל", אָנשט. „א ספּעציעלער פאל".

צעקאטשען זיך אָנשט. צעשאָקלען זיך (פון רוסישן раскачаться, וואָס מע האָט פּאָנעטיש דערנענטערט מיטן יידישן קאטשען, כאָטש אַף רוסיש איז קאטשען катать).

(רוסישע גרייזן אונטערן ווירקונג פון יידיש: читать высоко אדג.).

2. קאָנטאמינאציע, ד. ה. א קאָנסטרוקציע, ווו ס'זיינען אויסגעמישט טיילן פון צווי „געזעצלעכע" קאָנסטרוקציעס:

ס'וועט גיכער דערנענטערן דעם פּראָצעס פון דערוויסן זיך.

ער'ט געענדיקט העכערע בילדונג.

דער יאָרצייט פון כ. לעגינס טויט אנשט. כ. לעגינס יאָרצייט, אָ'ער דער יאָרטאָג פון כ. לעגינס טויט.

פארמאכטע פאבריקן ווערן אלץ גרעסער, פון — „די צאָל פארמאכטע פאבריקן ווערט אלץ גרעסער", און „פארמאכטע פאבריקן ווערן אלץ מער".

זאָל מיטהעלפן דער אלץ גרעסערער און גרעסערער אנטוויקלונג פון דער פּריוואטער אינדוסטריע אפן כעזשבן פון בוילעטן שאָדן פאר דער אייגענער מעלוכישער אינדוסטריע, פון— „אפן כעזשבן פון דער אייגענער מעלוכישער אינדוסטריע", און „צום בוילעטן שאָדן פון דער אייגענער מעלוכישער אינדוסטריע". „אפן כעזשבן פון בוילעטן שאָדן" קען באטייטן נאָר איינס: דער בוילעטער שאָדן ווערט אלץ קלענער.

וויפל פארוועדונגען פון צייט גייט-אוועק איבעריקע.

3. פארשיידענע סעמאנטישע גרייזן, ווו ס'זעט זיך ניט קיין ווירקונג פון אן אנדער שפראך:

„וואָס ווייטער מע פאָרט, באקומט די קאָלאָניע א שענערן בילד" אנשט. „אויסזען".

„אז אין סאָוועטנמאכט האָט מען פארבאָטן קאָשערע פלייש" אָנשט. „אין סאָוועטנלאנד".

„יעדערער, וואָס וווינט אין ראטנמאכט" אָנשט. „אין ראטנלאַנד."

„די פארשווערונג אפן סאָוועטישן קאָנסול", אָנשט. „דער אטענטאט".

## VII. סעמאנטיש — סינטאקסישע קאָנטאמינאציעס:

„גאנץ רוסלאנד איז פארשפרייט מיט שולן", אנשט. גאנץ רוסלאנד איז באדעקט מיט שולן, אָדער: איבער גאנץ רוסלאנד זײַנען פארשפרייט שולן.

„ס'נייטיקט זיך לערער" אנשט.: מע נייטיקט זיך אין לערער, אָדער: ס'פאָדערן זיך (ס'זײַנען נייטיק) לערער.

„די זאך, נאָך וועלכער איך האָב געטרוימט", אָנשט. „נאָך וועלכער כ'האָב געבענקט" אָדער „וועגן וועלכער כ'האָב געטרוימט".

## VIII. גראַמאטישע גרײַזן:

1, גרײַזן אין אנאליטישע וואָרטפאָרמעס:

„צי איז פאראן א לעבן אפן מארס?", אנשט. „אף מארס".

„דער וואלצעטל, וואָס איז געווען ארויסגעשטעלט געוואָרן פון די וואָל-קאָמען", אָנשט. „וואָס איז ארויסגעשטעלט געוואָרן פון די וואָלקאָמען".

„אָבער שטארק אופרייצן דעם יידישן אוילעם מיט אפיקאָרסעס, האָט ער שוין אויך ניט", אנשט. „שטארק אופגערייצט"...

2. גרײַזן אין פאָרמעס פון עלעמענטארן זאץ (אהער אויך סינטאַקסישע וואָרטפאָרמעס):

a) „מיר לאָצ זרו", אנשט. „מיך לאָז צורו" — טיפישער ליטווישער גרײַז.

b) „די כוואליעס פלעגן אָנפליען גרעסער איינער פאר דעם אנדערן",—גרײַז אין מין.

c) „פאר די גאנצע צײַט" אָנשט. „פאר דער גאנצער צײַט" — גרײַז אין דעקלינאציע פון אדיעקטיוו.

„פון איינפאכעס צום קאָמפליצירטן" אָנשט. „פון איינפאכן צום קאָמפלי-צירטן" (אָדער „פון איינפאכס צו קאָמפליצירטס") — פלאָנטער אין דעקלינאציע פון אדיעקטיוו.

d) „געענדיקט דעם זשיטאָמירן יידפעדטעכניקום", אָנשט. „דעם זשיטאָמי-רער יידפעדטעכניקום".

e) „דער פריילעכער באגעגעניש פון די קינדער האָבן גלײַך צעשמעטערט מײַן אומעט" (די פריילעכע באגעגעניש פון די קינדער האָט...) — גרײַז אין מין און אין מיטשטימונג (און סעמאנטישער גרײַז — ניט-פאסיקער וואָרט צ ע-ש מ ע ט ע ר ט).

f) „געשטיצט מיט די אמעריקאנישע קאָמיטעטן", אָנשט. „פון די אמערי-קאנישע קאָמיטעטן"—גרײַז אין פרעפאָזיציע (ווירקונג פון רוסיש).

g) „נאכעס פון א יִדישן גוויר" — צווייִדײַטיקער באנוץ פון פּרעפּאָזיציע (מע ווייס ניט: דער גוויר האָט נאכעס צי מע האָט פון אים נאכעס?).

„איך קען דאָך אים ניט אָנטאָן אין מאנטל" — צווייִדײַטיקײַט (פאקטיש געמיינט: איך קען דאָך אים ניט אָנטאָן, ווען איך בין אין מאנטל).

h) „לאכט מען אויס פון די קינדער" — קאָנטאמינירט פון — „לאכט מען פון די קינדער" און „לאכט מען אויס די קינדער".

„באפאלט מען מיט זידלערײַען אף די קינדער", פון „באפאלט מען מיט זידלערײַען די קינדער" און „פאלט מען אָן מיט זידלערײַען אף די קינדער".

i) דער ערשטער באנד פון „קאפּיטאל" — קאָנסטרוקציע מיט א פּרעפּאָזיציע אָנשט. פאראלעלארטיקייט (דער ערשטער באנד „קאפּיטאל").

„אלע פון אונדז זײַנען געווען אין טעאטער", — קאָנסטרוקציע מיט א פּרעפּאָזיציע, אָנשט. פאראלעליזם: מיר אלע זײַנען געווען (ווײַזט אויס, אז דער גרײַז איז היפּש פארשפּרייט; ער קען שטאמען פון אנאלאָגיע מיט „א טייל פון אונדז, די מערהײַט פון זיי" א. ד. גל.).

j) „שפּראך איז געוואָרן איינע פון די באליבסטע לימודים" — גרײַז אין מיטשטימונג: „איינער" דארף שטימען ניט מיט „שפּראך", נאָר מיט דער איינצאָל פון „לימודים".

3. גרײַזן אין ווערטערסיידער:

„דער קאָל הערט זיך פון דער שיינער פייגעלע" — צעשפּאלטונג פון גרופּע, אָנשט. „דער קאָל פון דער שיינער פייגעלע הערט זיך".

„אף מאָרגן אין פריידן דערמאָנט מען דעם טאָג" — פערזאָניקער ווערב אפן III אָרט.

„מער ווי 30 רובל פארן קינד און געוועזענע [ר] טובערקוליאָזע [ר] פרוי וויל ער ניט געבן" — ניט ריכטיק צעשטעלט די אדיעקטיוון; דער שרײַבער מיינט „די טובערקוליאָזע געוועזענע פרוי".

„ספּעקוליאנטן ארויסגעשמיסענע פאר שיינע מײַסים פון דער פארטיי". צווייִדײַטיקער ווערטערסיידער („פאר שיינע מײַסים פון דער פארטיי").

4. גרײַזן אין זאצן־פארבינדונג:

a) „צושטעלן אין צ. א. ק. אלע איניאָנים וועגן דער ארויסזעצונג פון די פריצים, וואָס זײַנען צוגעשיקט געוואָרן אף צו באשטעטיקן" צווייִדײַטיק (ווער איז צוגעשיקט: די איניאָנים צי די פריצים?).

b) „און אזוי ווי די אָנגערירטע טעמע האָט אן אויסערגעוויינלעכן אינטערעס, וואָס מאכט אן איבערקערעניש אין דער גאנצער געשיכטע פון אלטערטום, ווײַל קוים איז מאָראָזאָוו געקומען, מוז דאן בא אונדז אין דער געשיכטע פון אלטערטום איבערגעשאצט ווערן אלע ווערטן, דערבײַ דארף אויך איבערגעשטעלט ווערן אף אנדערע רעלסן די היסטאָרישע וויסנשאפטלעכע אנטירעליגיעזע פּראָפּאגאנדע, וועלכע מיר מוזן איצט אופלעבן" — בײַזאץ (מיט א ווײַטערדיקער קייט בײַזאצן) אָן א הויפּטזאץ.

c) „דאָקומענטן, פון וועלכע איך ציטיר דאָ איינעם פון זיי"—קאָנטאַמינאציע פון „דאָקומענטן, וואָס איך ציטיר דאָ איינעם פון זיי" און „דאָקומענטן פון וועלכע איך ציטיר דאָ איינעם".

„איז די לאגע פון די פראָפטעכנישע שולן... וועלכע „אָרט" האָט זיי סובסידירט, געוועזן קאטאסטראָפאַל פון „וועלכע אָרט האָט סובסידירט", און „וואָס טאָר האָט זיי סובסידירט".

„אונדזערע קליינע קינדער, וועלכע זיי דארפן זײַן רעוואָליוציאָנערן".

„יעדער מוטער, וואָס פלעג כאפּן מאָטקען, פלעג זי אים ברענגען מיט א געשריי צו זלאטקען"—קאָנטאמינירט פון „יעדער מוטער, וואָס פלעג כאפּן מאָטקען, פלעג זי אים ברענגען" און „אז א מוטער פלעג כאפּן מאָטקען, פלעג זי אים ברענגען".

d) „די מאטעריאלן און באשטעלונגען, וועלכע וועלן געשיקט ווערן אף אנדערע אדרעסן, איז פאר זיי די רעדאקציע און קאָנטאָר ניט פאראנטוואָרטלעך". געבראָכענער זאץ („אנאקאָלוט"), די פרעפּאָזיציע דארף זײַן אין בײַזאץ, ניט אין הויפּטזאץ.

„אלע קינדער, מיט די, וואָס איך פלעג זיך זען זומער, זײַנען אלע קראנק" — אנאקאָלוט, דארף זײַן „די, וואָס איך פלעג זיך מיט זיי זען זומער".

e) „ס'איז צוגעקומען צו זיי דער שוימער פון גאָרטן און געפרעגט, צי וויל ניט דער פאניטש דורכפאָרן זיך אף א וועלאָסיפּעד, קאָן ער אים טייקעף צושטעלן"—איין בײַזאץ (דער צווייטער פון דרײַ) באדינט צוויי הויפּטזאצן (ערשטן און דריטן) — אין דער נאָרמאלער גראמאטיק קען עס ניט זײַן.

f) „נאָר קיין אנדער אָרט איז ניט געווען, און איך פאָר ווײַטער קיין סטאלין" — שלעכטע קאָאָרדינירונג, אָנשט. „נאָר קײַן אנדער אָרט איז ניט געווען, פאָר איך ווײַטער קיין סטאלין".

5) גרײַזן אין באנוץ פון פראָנאָם:

„כ' ש. קופערשמיד טיילט זיך אין זײַן ארטיקל „די נעקודעס אינעם נײַעם אויסלייג" מיט דער שול-פראקטיק אינעם נײַעם אויסלייג און ווײַזט אָן אף די כעסרוינעס, וואָס זי האָט". — פאלשער מין פון פראָנאָם: „זי" — די שול-פראקטיק, בײַם דער שרײַבער וויל זאָגן, אז קופערשמיד ווײַזט אָן אף די כעסרוינעס פון נײַעם אויסלייג.

a) „דער ארבעטער-קלאס... וועט קענען דורכפירן אין לעבן זייער פראָגראם" קאָנטאמינירט פון „די ארבעטער וועלן קענען דורכפירן אין לעבן זייער פראָגראם" און „דער ארבעטער-קלאס וועט קענען דורכפירן אין לעבן זײַן פראָגראם".

b) „נעץ ניט די פינגער, בײַם דו מישסט די בלעטער, און פארבייג זיי ניט"...— ספעציפישער גרײַז צווײַדײַטיקײַט: מע ווייסט ניט, ווען מען פארבייג ניט — די פינגער צי די בלעטער.

c) „דער זאמלפּונקט פון איר [דער אינטעליגענץ] פלעג זײַן אונדזער שטאָטישע ביבליאָטעק", אָנשט. „איר זאמלפּונקט פלעג זײַן"...

d) „דער לאַנדיש דאַרף מען שוין אים אַרויסוואַרפן"—אַנאַקאָלוט, אָנשט. „דעם לאַנדיש דאַרף מען שוין אַרויסוואַרפן".

e) „מיט דער זשע פרייד ווערט אָנגענומען דער פּאָרשלאָג" אָנשט. „מיט דערזעלביקער פרייד" אָדער „פּונקט מיט אַזאַ פרייד".

**IX. סטיליסטישע גרײַזן.** אַהער דאַרף מען רעכענען יענע דער־שײַנונגען, וואָס זײַנען ניט קיין גרײַזן קעגן איינעם פון די שפּראַך־אָפּטיילן (סעמאַנטיק, גראַמאַטיק א. א. וו.) און דאָך פאַרדאַרבן זיי דעם סטיל. אָפט מיסברויכט מען מיטן טערמין „סטיליסטישע גרײַזן" און מע פאַררעכנט אַהער אַפילו סינטאַקסישע און אַנד. דאָס איז ניט גוט, וואָרעם קעגן סינטאַקסישע און קעגן סטיליסטישע גרײַזן זײַנען די מעטאָדן פאַרשיידן.

פון סטיליסטישע גרײַזן קען מען אָנווײַזן דידאַזיקע טיפּן:

1) צו לאַנגע פראַזעס, ווען די פאַרבינדונג פון זאַצן איז ניט באַרעכטיקט דורך דער פאַרבינדונג פון די געדאַנקען, צ. ב.:

„איך האָב דורכגעפירט אַ געוויסע אַרבעט אין לענינס וואָך, ווי איך האָב אויף וויפל עס איז געווען מעגלעך דורכגעפירט שמועסן פאָרטראַגן, ווי ס'איז באַרירט געוואָרן די אָדער יענע פראַגע, וועלכע עס אינטערעסירט דעם קאָלאָניסט".

2) ווערבאַלער סובסטאַנטיוו (אָדער סובסטאַנטיווירטער אינפיניטיוו) אָנשט. ווערב, ווען דאָס פירט צו פאַרשוועריקונג, צווײַדײַטיקײַט א. ד. גל.:

„דאָס מאַסנווײַזע אַנטלויפן פון די ייִדישע אַרבעטער פון פּאַלעסטינע האָט נאָך ניט באַוויזן אײַנגאַנצן צו מילדערן די פּראָבלעם" אָנשט. „דאָס, וואָס די ייִדישע אַרבעטער אַנטלויפן מאַסנווײַז פון פּאַלעסטינע, האָט נאָך ניט באַ־וויזן..."

„דאָס ציִען דעם גורל וועט פאָרקומען אין מינסק" אָנשט. „דעם גורל וועט מען ציִען אין מינסק" אָדער „ציִען דעם גורל וועט מען אין מינסק".

3) שאַבלאָן־פראַזעאָלאָגיע. שאַבלאָן אין סטיל קען מען דעפינירן אַזוי: אָנשטאָט דער מענטש זאָל באַהערשן די שפּראַך, באַהערשט די שפּראַך דעם מענטשן.

„קלאָר און בולעט", „קלאָר און דײַטלעך" זײַנען שאַבלאָן־אויסדריקן; מע באַנוצט זיי אָפּטמאָל, ווען ס'האַנדלט זיך נאָר וועגן קלאָרקײַט, ניט וועגן בול־לעטקײַט אָדער דײַטלעכקײַט.

נאָך אַ שאַבלאָן — „אויף אַלע הונדערט פּראָצענט" צ. ב.:

„ביז דער מילכאָמע איז 80 פּראָצענט פון די אויסגעוואַנדערטע סײַ פון רוסלאַנד סײַ פון פּוילן באַשטאַנען קימאַט אויף אַלע הונדערט פּראָצענט פון אַר־בעטנדיקע".

4) דיזעלביקע ווערטער איבערגעכאזערט אף א קורצן מעהאלעך עטלעכע מאָל.

„א לאנגע צײַט געהארט אפן אורלויב און ווי אף צעלאָכעס האָט מען אים אָפּגעצויגן וואָס ווײַטער אלץ ווײַטער און ווײַטער".

„מיר דאנקען טאקע אונדזער איבערגעגעבענער לערערן, וואָס האָט אונדז איבערגעגעבן פאר די צוויי יאָר אזוי פיל וויסנשאפט".

„אין דער אָפּשאצונג פונעם באריכט פונעם כ' טשעמעריסקי בין איך אינגאנצן מאסקים מיט דער אָפּשאצונג, וואָס דאָ האָט ארויסגעזאָגט דער כ' נאָוואקאָווסקי, וועלכער האלט, אז אינעם באריכט פעלט די פּאָליטישע אָפּשאצונג".

5) אביסל א פײַנערער גרײַז איז איבערכאזערונג ניט פון וואָרט, נאָר פון געדאנק (פּלעאָנאזם):

„איך רעכן, אז נאָך מײַן מיינונג איז דער צוגאנג געווען ניט קיין ריכטיקער" — עס קומט אויס, אז דער ריידער זאָגט דאָ ארויס א מיינונג, וועגן זײַן מיינונג, בייס ער וויל נאָר ארויסזאָגן א מיינונג וועגן דעם צוגאנג.

„פאר אונדז שטייט אן אופגאבע צו לייזן א גרויסע פּראָבלעם ווירטשאפטלעך אײַנצואָרדענען און געזונט מאכן די פאראנענע 600 — 700 טויזנט יידישע נעפּאשעס" — עס קומט אויס, אז כויך דער פּראָבלעם אײַנצואָרדענען די צאָל נעפּאשעס, שטייט נאָך אן אופגאבע — לייזן די פּראָבלעם.

6) אינוועניקסטער ווידערשפּרוך:

„די פאקטן אנטשפּרעכן ניט דער ווירקלעכקײַט" אנשט. „די יעדיעס אנטשפּרעכן ניט דער ווירקלעכקײַט" (פאקטן און ווירקלעכקײַט איז דיזעלביקע זאַך).

„דער דזשווינט פירט א גאנץ גראנדיעזע ארבעט". „גראנדיעז" הייסט „זייער גרויס", „גאנץ" שוואכט אָפּ דעם באטײַט, באקומט זיך א פארשטארקונג מיט אן אָפּשוואכונג.

7) פארשיידענע ניט-לאָגישקײַטן (אלאָגיזמען):

„עס זײַנען אופגעקומען גרויסע סאָכרים מיט נאָך גרעסערע קאפּיטאלן" — ווי קען מען דערווײַזן, אז די קאפּיטאלן זײַנען „נאָך גרעסער" פון די סאָכרים? די „גרייס" פון א סוחער און פון א קאפּיטאל זײַנען פארשיידענע אייגנשאפטן מיט פארשיידענע מאָסן.

X. **אָרטאָגראפישע גרײַזן.** כ'האָב זיי געלאָזן אף לעצט ניט נאָר צוליבן אלגעמיינעם פּלאן פונעם בוך, נאָר אויך צוליב דעם, דער לערער זאָל זען, וויפל סאָרטן ניט-אָרטאָגראפישע גרײַזן עס איז פאראן. מע דארף זיך אָפּזאָגן פון דער אלטער געוויינשאפט — ניט צו מאכן קיין אונטערשייד צווישן „גרײַז" און „אָרטאָגראפישן גרײַז". אָרטאָגראפישע גרײַזן זײַנען נאָר איין טייל גרײַזן, און ווײַט ניט דער וויכטיקסטער טייל.

אָרטאָגראפישע גרײַזן קען מען קוואליפיצירן אזוי:

1) גרײַזן קעגן עלעמענטארער גראמעטע.

פארפעלטע קלאנגען: אונג (יונג)

פארביטענע קלאנגען: שלעבן (שלעפן)

פארביטענע אויסעס (ז און ג, ל און ך — לויט גראפישער ענלעכקייט)

העברעיִשער אויסלייג (ח, כּ, א. ד. גל.)

אלטער אויסלייג (באציהונג, שנעע).

איבעריקע נעקודעס (בּ מיט א פּינטל אנשט. בט מא פּאסעך אָנשטאָט א).

פארפעלטע נעקודעס: א אנשט. אָ; פ אָנשט. פּ, יי אנשט. ײַ. ו אנשט. וו, שז אנשט. זש אדג.

2) גראפישע גרײַזן:

עי, אי, אָי, אנשט. יי, ײַ, וי: מאיסע, באָיען, עיגענער

פארפעלטער שטומער א: יינער (איינער)

איבעריקער שטומער א: וואר, שמאוליק

פארפעלטער יאָט פאר i: יד (ייִד)

פארפעלטער פּינטל בא ו, י: דערציונג (דערציִונג), ווו (וווּ)

יוד בא ווייכן קאָנסאָנאנט ניט פאר א וואָקאל: מאניקע (מאנקע)

יאָט צווישן j און א צווייטן וואָקאל: פרייער (פריִער), נייאיווקייט (נאיִווקייט).

ע, י פאר א טראַפיקן ל, נ: פאָלגענדע, שרײַבען

קאָמפּליצירטע: פאראיעשט (פארייִעשט).

3) דיִאלעקטישע גרײַזן, ד. ה. דיִאלעקטישע אויסלייגן אנשט. אינטער-דיִאלעקטישע:

ליטווישע גרײַזן: לייפן (לויפן), מיישע, מיירע (דארף זיין מוישע, מוירע.) (ביכלאל, ווען דער העברעיִשער כוילעם קלינגט אין ליטוויש ei, דאַרף מען שרייבן וי (מוישע — העבר. — משה, מוירע — העבר. מוראָ) סאבעס (שאבעס), סאָטן (שאָטן)

אוקראַיִנישע גרײַזן: מישפּוכע (מישפּאָכע), פרײַאײַט, ליבעדיק (לעבע-דיק), לייבעדיק (לעבעדיק), אונגעוויזן (אָנגעוויזן).

4) קוואזי-דיִאלעקטישע גרײַזן, ד. ה. מע מיינט שרייבן ריכטיק דורך דעם וואָס מע שרײַבט קעגן דיִאלעקט — אָבער גראָד אין אזא פאל, ווו מע דארף שרײַבן לויטן דיִאלעקט. בײַשפּ.: גנויוועס, אויביק (ליטווישער קוואזי-דיִאלעקטישער גרײַז), ווײַל דער ליטוואק מיינט, אז אויך אין אָט-די ווערטער דארף מען דעם ליטווישן ei שרײַבן וי; בלוט, טונט (אוקר. קוואַזי-דיִאלעקטישער גרײַז), ווײַל דער אוקראַיִנער ווערט גע-ווינט קעגן זײַן j אָפּטמאָל שרײַבן ו.

5) גרײַזן קעגן וואָרטגרענעץ:

א נארבעט (אן ארבעט)

אן אָרמאלער (א נאָרמאלער)

דורך גייען דיק פארבײַ (דורכגייענדיק פארבײַ)
פּיל פארביקע דעכער (פּילפארביקע דעכער)
געפונען פארנייטיק (פאר נייטיק)
פארוואָס כאַפּט מען זיך? (געמיינט: פאר וואָס כאַפּט מען זיך?)

6) גרײַזן קעגן אָרטאָגראַפישע צייכנס.
ער פארקויפט דעם באלעבאָס סכוירע (געמיינט: דעם באלעבאָס'סכוירע.
די פארפעלונג פונעם אַפּאָסטראָף ענדערט ראדיקאל דעם מיין פון זאץ).

7) גרײַזן קעגן מאָרפאָלאָגיזם:
אַס קיין גענויעם באריכט... (אז קיין...)
אין אליטווישן צוזאמענפאָר (אלליטווישן)
גערעט (גערעדט)
אופמערגזאם
ליקט (ליגט)
דער עלצטער (עלטסטער)
רעטקאָלעגיע (רעדקאָלעגיע)
פראָווּבאוועגונג.

8) קוואזי-מאָרפאָלאָגישע גרײַזן, ד. ה. מע שרײַבט ניט-פאָנעטיש, מיי-נענדיק, אז דאָס וועט זײַן מאָרפאָלאָגיש, אָבער גראָד אין אזא פאל, ווו דער מאָרפאָלאָגיזם גייט ניט קעגן פאָנעטיזם: ווירטשאווטלעכע (ווירטשאפטלעכע), געוועזט (געוועסט), רוווט (רופט; קוואַזי-מאָר-פאָלאָגישער גרײַז צוזאמען מיט א דיאלעקטישן שאָלעכטס (שאָלעכץ).

9) גרײַזן אין אויסלייג פון פרעמדווערטער:
אפּסורד, אפּטאָר, אפּטאָמאָביל, קאפּקאז
גארמאָניע, גיגיענע, אבסטראגירן (הארמאָניע, היגיענע, אבסטראהירן)
יעוואנגעליע, יעווראָפּע (עוואנגעליע, אייראָפּע)
עקזעסטירן (עקזיסטירן).

10) פארשיידענע גרײַזן:
פרייליאך, פרייליך (פריילעך)
אכטונק (אכטונג)
דאָרם, דאָרים (דאָרעם)
זעסטע (זעסטו)
לעבעדיג (לעבעדיק)
אן האפּסאָקע (א האפּסאָקע — אונטערן ווירקונג פונעם דיאלעקט, ווו דער ה ווערט ניט ארויסגערעדט).

11) גרײַזן אין פּונקטואציע. (קיין בײַשפּילן וועל איך דאָ ניט ברענגען).

# VII. בוי פונעם ארבעטבוך „שפראך“

1. אין גרונט פונעם ארבעטבוך ליגט פון איין זײַט די אָפיציעלע פּראָגראם פון יידיש פארן I קאָנצענטער פאר רספסר („אף די וועגן“ נומ. 1, 1928), פון דער אנדער זײַט א כעזשבן פון דער צײַט, וואָס דער לימעד דארף אָפּנעמען. איך גיי ארויס פון דער האנאָכע, אז אפן ארבעטבוך (ד. ה. אף גראמאטיק, אָרטאָגראפיע, סעמאנטיק) דארף מען געבן דורכשניטלעך 2 לימודים א וואָך (60 לימודים א יאָר); די איבעריקע 4 שפּראכלימודים אין וואָך גייען אף לייענען פון כרעסטאָמאטיע, שרײַבן, שמועסן אדגל.

דער מאטעריאל איז איינגעטיילט אין II לערניאָר אף 179 ארבעטן (צו 3 ארבעטן אף א לימעד, פון זיי איינע, באצייכנט ה, א היימישע), אין III און IV לערניאָרן — אף 60 לימודים. יעדער לימעד, אין III און IV לערניאָרן, האָט א נאָמען (סובסטאנטיוו, אייגנאָמען...). דאָס האָט דעם צוועק צו פּאדינטערעסירן דעם שילער. אין II לערניאָר וואָלט עס נאָך געווען צו פרי.

2. דער II לערניאָר אנטהאלט דידאַקטישע טעמעס: זאך און טוונג (ארבעטן 1 ביז 19, כוץ 17), באשטימוואָרט און אומבאשטימוואָרט (22 ביז 30), איינצאָל און מערצאָל (31 ביז 42), פּארקלענערונגען (43 ביז 51), סימען (52 ביז 67, כוץ 65), פראגע, אויסרוף, לאָגישער אקצענט (70 ביז 82, כוץ 80), איבערדערצענונג (88 ביז 99), פּארגאנגענהײַט (100 ביז 135), צוקונפט (136 ביז 147), פארשיידנס וועגן צײַטוואָרט (148 ביז 156, 164, 165), סעמאנטיק (178). אָרטאָגראפישע געניטונגען און (פאר ליטוואקעס) פּראקטישע באקאנטשאפט מיטן אקוזאטיוו — זײַנען צעזייט צווישן די הויפּט-אָפּטיילן פונעם בוך (ארבעטן 17, 20, 21, 65, 68, 69, 80, 83, 84, 157 ביז 163, 166 ביז 172, 175 ביז 177). כוץ דעם — ערשטע באקאנטשאפט מיט א בוך (85 ביז 87) און אין סאַף איבערכאזערונג (173, 174, 179).

דער III לערניאָר אנטהאלט: סובסטאנטיוו (לימעד 1 ביז 15), צײַטוואָרט (16 ביז 27), סעמאנטיק (28, 29, 42, 43), פונקטואציע (30 ביז 36), באקאנטשאפט מיט א בוך (37), בילדונג פון סובסטאנטיוו (38 ביז 41), בילדונג פון צײַטוואָרט (44 ביז 53), פערזאָניקער צײַטוואָרט און ווערטערסיידער (54, 55), איבערכאזערונג און רעזומע (56 ביז 60). אָרטאָגראפישע ארבעט זײַנען צעזייט אין די קאפּיטלען.

דער IV לערניאָר: סעמאנטיק און פראזעאָלאָגיע (1 ביז 4), באקאנטשאפט מיט א בוך (5, 6), פונקטואציע (9 ביז 12), זאצבוי, פרעדיקאט (16 ביז 20), סובסטאנטיוו (21 ביז 25), אדיעקטיוו (28 ביז 30), וואָרטבילדונג (32 ביז 39), בייזאץ (42, 43), פאָנעטיק (44 ביז 47), אלגעמיינע באגריפן וועגן שפראך (48 ביז 55), איבערכאזערונג און רעזומע (56 ביז 60). אייניקע לימודים זיינען פארנומען מיט אינדיווידועלע ארבעטן און מיט דיקטאט.

פארשטייט זיך, אז בויענדיק די ביכער פארן III און IV לערניאָר, האָב איך געמוזט ארויסגיין פון דער האנאָכע, אז אין II און III לערניאָר האָט מען דורכגעארבעט די ביכער פאר אָט-די לערניאָרן. אין יענע פאלן, ווען דאָס איז ניט אזוי, מוז דער לערער אין אָנהייב לערניאָר זען, צי די שילער פעלט נאָך עפעס פון דעם, וואָס זיי האָבן געדארפט פריער לערנען און אויב יאָ — וועלן אייניקע לימודים אוועקגיין אף אָניאָגן דאָס.

3. קימאט אין יעדן לימעד איז פאראן כרעסטאָמאטישער מאטעריאל: א געדיכט, א קורצע דערציילונג, א פראגמענט פון א גרעסערער זאך, וויצן, שפריכווערטער, רעטענישן, אָדער, ווען נייטיק, באזונדערע פראזעס. כ'האָב געזוכט אינטערעסאנטן און פרישן מאטעריאל. כ'האָב איינגעשלאָסן אייניקע זאכן, וואָס זיינען בא אונדז ווייניק באקאנט און ווערן ניט אויסגענוצט אין די כרעסטאָמאטיעס. עס זיינען פאָרגעשטעלט, אכוץ פאָלקלאָר, דידאַקטיקע אוטאָרן: אבראמאָוויטש, בערגלסאָן, האָפשטיין, א. ווארשאווסקי, כאריק, מאני-לייב, נאדיר, ניסטער, פערעץ, פינינבערג, פעפער, קאציזנע, קוויטקאָ, קיפּניס, שאָלעם-אליינעם א. א.

אין II און III לערניאָר האָב איך געהאלטן פאר איבעריק אָנצווייזן די אוטאָרן.

אייניקע דערציילונגען האָבן די מיטארבעטער און דער אוטאָר פונעם בוך אליין אויפגעשטעלט. אייניקע זיינען איבערדערציילונגען פון באקאנטע פאבולעס. מיר איז ליידער ווייניק געראָטן איינפירן די קלאסישע מאָטיוון פון דער פאבל-ליטעראטור, וואָס איך האלט פרינציפּיעל פאר געוווּנטשן.

כ'האָב געהאלטן פאר מעגלעך געבן אייניקע קינדערגאָרטנשע לידער.

אכוץ דעם געגעבענעם כרעסטאָמאטישן מאטעריאל דארף דער לערער פון צייט צו צייט אויסנוצן פאר אן אָביעקט פון נאָכמערקונג (צ. ב. איבעראינטאָנאציע) די קינדערס מינדלעכע רייד — אָ מינדלעכע דערציילונג וועגן אן עקסקורסיע, וועגן א געלייענטן בוך. דאָס אייגנס איז שייעך צו זייערע שריפט-ארבעטן, צ. ב. די אויסגעפילטע פארגעבונגען. מיר האָט זיך אָבער ניט געוואָלט צו אָפט אָפשיקן דעם לערער צו אזא מאטעריאל — דאָס וואָלט געהייסן גיין אפן וועג פון קלענסטן ווידערשטאנד.

דעם כרעסטאָמאטישן מאטעריאל דארף מען אָפטמאָל פריער באארבעטן לויטן אינהאלט, דערנאָך ערשט אויסנוצן פארן גראמאטישן צוועק. מע דארף צ. ב. דערגאנצן פראגמענטן (זאָלן די קינדער דערמאָנען, אויב זיי האָבן גע-

לייענט די געהעריקע דערציילונג; אניט דערגאנצט דער לערער אליין). אמאָל קען מען אָנווענדן אינסצעניזירונג (59 II, 71 II א. א).

כ'האָב געמאכט א פרווו צו געבן אין אייניקע ערטער אנשטאָט כרעסטאָמאַ־טישן מאַטעריאַל—בילדער. ליידער שטעלן זיי פאָר פון זיך דעם שוואכסטן טייל לערנבוך — זיי זיינען אי צו ווייניק, אי ניט אלע גענוג פאסיק. מיט אן ערשטן פרווו טרעפט עס אָפט. אויב אין קלאס הענגען בילדער — קענען זיי טיילוויַיז פאַרבייַטן אָדער דערגאנצן די פון ארבעטבוך.

4. נאָכן כרעסטאָמאַטישן מאַטעריאַל אָדער בילדער קומט אָפט א שמועס מיטן לערער*.

דעם לערערס פראַגעס דארפן זייַן עוורויסטישע, ד. ה. העלפן אויסזוכן דעם עמעס, אָבער דארפן ניט זייַן קיין אונטערזאָגישע, ברענגען דעם שילער „מיט גוואַלד“ צום עמעס. באדויערלעך באנוצט מען אָפטמאָל אזא מעטאָד, וואָס פּאסט עפּ־שער פאר א געריכט, ניט פאר קיין שול. „אויב דער שילער איז לאכלוטן ניט אימשטאנד זיך אין עפּעס אָריענטירן, הייבט אים אָן געוויינלעך דער לערער צו שטעלן ארופיריקע פראַגעס. דעם שילער זעט מען צו פארטרייַבן אין א באשטימטער געדאנקען־נעץ, אזוי, אז באלד פאלט ער אהין אריַין ווי א נארי־שע פליג אין מוז ווילנדיק ניט־ווילנדיק געבן א ריכטיקן ענטפער“...

דארפן דארף זייַן אנדערש. דער עוורויסטישער מעטאָד (וועלכער איז שוין לאנג באקאנט אין אנדערע שול־לימודים, אשטייגער, אין מאטעמאטיק) „האָט דעם צוועק צו שטעלן דעם שילער אין דער לאגע פון א מענטשן, וואָס מאכט אן אנטדעקונג, און צוליב דעם ווערן אים פאָרגעלייגט פראַגעס און אופגאבן, וואָס דער ענטפער אף זיי איז ניט באשייַמפערלעך, אָבער גייט ניט ארויס פון גוואָל פונעם שילערס פעיקייַטן“.

דער לערער דארף אויסנוצן אויך יענע ניט־ריכטיקע מיינונגען, וואָס ווערן ארויסגעבראכט פון די שילערס אין פראָצעס פון זוכונג.

„א טאָעס, וועלכן מען וויל באטראכטן נאָר פון דער לעכערלעכער זייַט, וואָלט געווען אן אָנגעוואָרענע געלעגנהייַט צו באקומען נייַע קענטעניסן“.

אייגנטלעך, וואָלט דער לערער געדארפט ניט פרעגן, נאָר ענטפערן: פרעגן דארפן די שילער. צום באדויערן איז זעלטן צו טרעפן אזא לימעד, ווו דער לערער זאָל אף אזויפיל פאַרינטערעסירן די שילער מיטן קעגנשטאנד, אז זיי־ערע פראַגעס זאָלן פארנעמען דעם אויבן־אָן. שטרעבן אָבער דערצו דארף מען

* וועגן דעם אָרט פון די אָנווייַזן פארן לערער, טעמעס און מוסטערן פאר לערערשע פראַגעס, שמועסן, צוגאָב־געניטונגען — האָב איך זיך געוואקלט. אין II לערניאָר זייַנען זיי איַינ־געפלאָכטן אין טעקסט באצייכנט מ (ד. ה. מינדלעך) און געדרוקט מיט קלענערער שריפט. אין III לערניאָר זייַנען זיי ארויסגעטראָגן אויסערן טעקסט און באהעפט מיטן טעקסט דורך נומערן אין קלאַ־מערן. אין IV לערניאָר, וואָס ווערט אָפּגעגעבן צום דרוק איינצייַטיק מיטן בוך פארן לערער זייַ־בען אזעלכע אָנווייַזן גאָרניט געגעבן: זיי געפינען זיך אין בוך פארן לערער. די פּראקטיק וועט ווייַזן, וועלכע סיסטעם איז די בעסטע.

פארשטייט זיך, ניט אף אלע פראגעס וועט דער לערער קענען ענטפערן ד. ה. ענטפערן אזוי, אז די שילער זאָלן אים פארשטיין. ניט איין מאָל וועט אים אויסקומען, אנשטאָט אן ענטפער, אָנווייזן, אז דאָס וועלן זיי לערנען שפּעטער, מע דארף אָבער ניט מיסברויכן מיט אָט-דער שטרעבונג צו פלאנמעסיקייט.

5. ווייטער גייען געניטונגען. דער צוועק זייערער איז אמאָל אויסגעפינען עפּעס, אָפטער אָבער — טרענאזש, „געניטונג".

איך האָב געשטרעבט געבן א פאסיקע פראָפּאָרץ פון שריפטלעכע און מינדלעכע געניטונגען. דאָ איז מינדלעכע געניטונגען מער, ווי אין די ביז-אהעריקע לערנביכער. עס קען אויסווייזן, אז פאר אזא לימעד ווי שפּראך (ריידן) איז דאָ פונדעסטוועגן ניט גענוג רייד-מאטעריאל. דארף מען אָבער ניט פארגעסן, אז דער בוך איז אויסגערעכנט נאָר אַף 2 לימודים א וואָך, און אין די איבעריקע 4 איז רייד (איינגעשלאָסן פאָרלייענען) מער ווי שריפט.

אגעוו דארף מען די שריפט-ארבעט אויך פארבינדן מיט מינדלעכן שפּראך-באנוץ. „אונדזערע שילער שרייבן אופזאצן, ניט לייענענדיק זיי אפן קאָל ניט אין, קלאס, ניט אינדערהיים. דער גאנצער שרייבפּראָצעס גייט שווייגעדיק. דער לערער, פון זיין זייט, לייענט שווייגעדיק דאָס אָנגעשריבענע, שטרייכט אונטער אָדער פאריכט די פעלערן, שטעלט באלן, טייַנעט זיך אויס מיט די שילער וועגן די אויסיעס „יאָט" א. א., וועגן קאָמעס, זעלטן-ווען וועגן אינהאלט און זינען. פונקט ווי ס'וואָלט זיך געהאנדלט וועגן עפּעס א לימעד צייכענונג צי מאָלונג", — אזוי האָט זיך (נאָך פאר דער רעוואָליוציע) געקלאָגט דער רוסישער שפּראכלער און קעמפער פאר „לעבעדיקן וואָרט" טשערנישאָוו. אָט פארוואָס איך לייג פאָר די שילער, וואָס שרייבן אן אופזאץ, איבערלייענען עס אליין פאר זיך אפן קאָל און זען, צי ס'איז גוט אָנגעשריבן (27 II א. א.). דעם קלאל דארף דער לערער ניט פארגעסן די גאנצע צייט.

ווייטער האָב איך זיך געסטארעט, די געניטונגען זאָל זיין פארשיידנארטיק און אינטערעסאנט. דאָ ווערן פראקטיקירט אייניקע נייע טיפּן געניטונגען. דער לערער דארף געבן אָפּגעפרישטן מאטעריאל פאר די געניטונגען — געבן, אשטייגער, קאָניוגירן א ניידערוווסטן צייטוואָרט.

כ'האָב זיך באשלאָסן ארייַנעמען צווישן די געניטונגען דעם פון לאנגאָ פראקטיקירטן דיקטאט. דיקטאט איז שוין שטארק דיסקרעדיטירט געוואָרן, אָבער די לעצטע פאָר יאָר ווערט אין דער רוסישער מעטאָדישער ליטעראטור די פראגע וועגן דיקטאט רעווידירט. א סוואָרע, אז ער איז (ווען ער ווערט גוט דורכגעפירט) ניט אזוי שעדלעך, ווי מע האָט געמיינט. ער אפּעלירט צום ווילן פון די שילער (ער אנטהאלט אן עלעמענט פון ספּאָרט), בייס דער ארָאָפּשרייב-מעטאָד (וואָס פארלירט, איבעריקס. הייַנט אויך ניט זיין ווערט) אפּעלירט מער צו די אומבאוווסטזיניקע פּסיכישע פּראָצעסן.

כוצדעם דארף מען דעם דיקטאט אין דער יידישער שול שאצן אנדערש ווי אין דער רוסישער — ווייַל די יידישע אָרטאָגראפישע סיסטעם איז אנדערש

געבויט. אין רוסיש גייט זיך די שריפט שטאַרק פאַנאַנדער מיט דער ליטעראַרישער אויסשפּראַך. דער לערער דיקטירט „מאַיאַ סיסטראַ“, און דער שילער דאַרף שרייַבן моя сестра — איז ער גענייגט צו מאַכן אַ גרייַז. אין יידיש אָבער, אויב מיר נעמען אָן די „ליטעראַרישע אויסשפּראַך“ לויט דער אינטערדיאַלעקטישער שריפט, דאַרף מען דיקטירן (II 35) „טעג“ און אַזוי שרייַבן (דער אוקראַאינער זאָגט teig), דיקטירן „לויפן“ און אַזוי שרייַבן (דער ליטוואַק זאָגט lejfn). אַזאַ דיקטאַט האָט ניט דעם כיסאָרן פונעם רוסישן דיקטאַט. ער ברענגט, אַדעראַבעה, צווייענדיקן נוצן: אי די שילער געניטן זיך אָן איבעריקן מאָל אין די ריכטיקע, אינטערדיאַלעקטישע אויסלייגן (אַ שילער זאָל הערן „דיקטירט „לויפן“ און זאָל שרייַבן „לייפן“ — לייגט זיך ניט אפן סייכל), אי זיי הערן אָן איבעריקן מאָל די אינטערדיאַלעקטישע „ליטעראַרישע“ אויסשפּראַך.

דאָך בלייַבט גילטיק דער כיסאָרן פון דיקטאַט: אויב מע ווייס ניט, ווי אָנצושרייַבן אַ וואָרט, קען מען אים אָנשרייַבן ניט-ריכטיק און אַזוי מיטהעלפן צו פאַרפיקסירן די פאַלשע אָרטאָגראַמע. פאַראַליזירן דעם כיסאָרן קען מען דורך דעם, וואָס פאַרן דיקטאַט גיט מען די שילער איבערלייענען (פאַר זיך) דעם טעקסט, וואָס וועט דיקטירט ווערן, דערבייַ ראַט מען זיי לייגן אַכט אַף די שווערע ווערטער. (דער שילער וועט אָפט אַליין גרינג באַשטימען, וועלכע ווערטער זייַנען פאַר אים שווער.)

מע קען פּראַקטיקירן (אין IV לערניאָר, אַשטייגער), די שילער זאָלן אַליין פאַריכטן זייער דיקטאַט לויטן בוך.

לויטן דיקטאַט פאַרגיט דער לערער נאָכדעם אינדיווידועלע אַרבעטן.

דיקטירן דאַרף מען אָרטאָעפּיש. באַ די גיטפּעסטגעשטעלטע פאַלן מעג דער לערער דיקטירן ווי ער וויל (geven, given אדג.). אין צווייטן לערניאָר מעג מען עפּשער דיקטירן אַנשטאָט טאַקטן — באַזונדערע ווערטער, צ. ב. (II 35) „פריִער זייַנען געווען“ אַנשט. „פריִער זייַנען געווען“. שפּעטער אָבער דאַרף מען נעמען דיקטירן נאַטירלעך, טאַקטנווייַז, צ. ב. (IV .8) „אָפּגיפּאַטערצעך מיטמייַנמיסכער גיך אונגישווינד.

דערווייַל האָב איך געגעבן ווייניק דיקטאַט (אין III לערניאָר—צופעליק—גאָרניט, מע דאַרף פּראַקטיקירן אין III לעריאָר אויך). זאָל דער העכסטער אוטאָריטעט—די פּראַקטיק—אָנווייַזן, צי דאַרף מען עס און אין וואָס פאַר אַ מאָס.

פאַר אַ נוציקן טיפּ גענייטונג האַלט איך סטילִיסטישע דיסקוסיעס (פאַרשטייט זיך, פּרימיטיווע). ווי איז בעסער, שענער צו זאָגן — אַזוי צי אַזוי? ווי געפעלט אייַך בעסער? — דאָס וועקט די שילערס אויפמערקזאַמקייַט דערויף, אַז כויך דער פראַגע „וואָס צו זאָגן?“ איז נאָך שייַעך אַ פראַגע „ווי צו זאָגן?“ אין לערנבוך האָב איך אַ פּאָר מאָל אָנגעוויזן די מעגלעכקייַט פון אַזעלכע

באהאנדלונגען: געוואונטשען אָבער, זיי זאָלן פאָרקומען אָפּטעו*. יעדנפאלס, טאָר מען ניט איגנאָרירן אזעלכע פראגעס, ווען די שילערס אליין שטעלן זיי. ניט שטענדיק קען מען דאָ, אפילע מיטן לערערס הילף, קומען צו א באגרינ-דעטער, איבערצײַגעוודיקער לייזונג; אָבער אָן דעם האָט די דיסקוסיע אויך א פּעדאגאָגישן ווערט.

א נוציקע געניטונג, אָבער אינעם לערנבוך האָט זי ניט געקענט ארײַנגיין: פארגלײַכן יִדיש מיט אן אנדער שפּראך, וואָס איז די שילער (און דעם לע-רער) באקאנט. דאָס קען האָבן א פּראקטישן ווערט פארן יִדיש-לימעד, אויב די שילערס יִדישע שפּראך איז באווירקט פון אן אנדערער (רוסיש). א טעאָ-רעטישן ווערט האָט עס יעדנפאלס. „ווער עס ווייס נאָר איין שפּראך, ווייס קיין איין שפּראך ניט". דאָס מיינט מען טעאָרעטישן וויסן.

אין I קאָנצענטער דארף אזא פארגלײַך קיין גרויסן אָרט ניט פארנעמען.

6. אייניקע ארבעטן, דערהויפּט אָרטאָגראפישע, האָבן א פארשיידענעם אינ-האלט פאר שילער פון ליטווישן דיאלעקט און פון אוקראיִנישן (אויך פּוילישן) דיאלעקט. זיי זײַנען באצייכנט „ליטוו." און „אוקר." (זע ז. 54).

כּוץ דער גראָבער דיפערענצירונג פון געניטונגען לויט צוויי דיאלעקטן, דארף נאָך זײַן א פײַנערע דיפערענצירונג — לויט יעדערנס באזונדערע גרײַזן, אף וויפל זיי ווײַזן זיך ארויס אין שריפט-ארבעטן, דיקטאט, מינדלעכע רייד. פון צײַט צו צײַט דארף מען געבן אינדיווידועלע געניטונגען. אין IV לערניאָר זײַנען אייניקע לימודים פארנומען מיט אזעלכע געניטונגען. קיין מאטעריאל אָבער גיב איך ניט, ווארעם דאָס וואָלט געפאָדערט אסאך אָרט.**

7. דער אויספיר פון די נאָכמערקונגען און געניטונגען ווערט געגעבן אין בוך (דאָסראָוו אין א „רעמל", קעדיי אויסצוטיילן פונעם טעקסט). דעם אויספיר מאכט מען אמאָל אליין, אמאָל לייענט מען אים גלײַך איבער אין בוך. כ'האָב זיך געסטארעט צוזוכן פאר די אויספירן אזא פאָרמע, אז זיי זאָלן זײַן גרינג צום באנעמען און צום געדענקען. פארגעדענקען די אויספירן איז וויכטיק. א טאָעס מאכן יענע מעטאָדיסטן (אויב ס'זײַנען נאָך פאראן אזעלכע), וואָס האַלטן, אז דער שווערפונקט פון שפּראכלימעד אין I קאָנצענטער דארף ליגן אינעם פּראָצעס פון נאָכמערקן, און די אויספירן זײַנען עפּעס א בײַזאך. דער צוועק פון שפּראכלימעד אין I קאָנצענטער איז א פּראקטישער; די שילער דארפן באקומען יעדיִעס און געוויינשאפטן. אויב די געוויינשאפטן (צ. ב. קע-

* אין II 26 קען זיך, אשטייגער, שטעלן א פראגע, צי איז בעסער אָנהייבן די דערציילונג „א שוסטער איז געזעסן", צו „דער שוסטער איז געזעסן"; אין II 30 — צי איז בעסער זאָגן „אן עמעס" צי „א עמעס".

** גראָד איצט איז דורך מײַן רעדאקציע דורכגעגאנגען א בוך „שרײַב אָן גרײַזן" (שאפּי-ראָ און לערנער), וואָס אנטהאלט מאטעריאל פאר אינדיווידועלע געניטונגען (עמעס, בלויז פאר אָרטאָגראפישע). ער איז באשטימט פארן IV און די ווײַטערדיקע לערניאָרן.

נען ריכטיק אָנשרײַבן א וואָרט) מעגן בלײַבן ניט פאָרמולירט, איז אָבער יעדיעס מוזן פאָרמולירט ווערן.

דער לערער מעג ארײַנפירן מערער פאָרמולירונגען, ווי ס'איז דאָ געגעבן; ער מעג אויך ענדערן דעם נוסעך פון די פאָרמולעס.

דער אויספיר איז אָפּטמאָל פארבונדן מיט א טערמין. דאָ ווערט באַנוצט טײלווײַז אן אנדער טערמינאָלאָגיע, ווי אין מײַנע טעאָרעטישע ארבעטן און אין די אָנווײַזן פארן לערער. דער לערער דארף זײַן געהיט ניט צו באנוצן (אין זײַנע מינדלעכע דערקלערונגען) יענע טערמינען, וואָס די שילער ווייסן נאָך ניט.

8. יעדער לימעד ווערט, אָנהייבנדיק פון III לערניאָר, פארפיקסירט אינעם שילערס העפט אונטער דער רובריקע „הײַנט האָבן מיר געלערנט". אין אָנהייב גיב איך גרייטע פאָרמולירונגען (מע מעג אָבער פאָרמולירן אנדערש), שפּעטער באנוגן איך זיך מיט דער פראגע: וואָס האָט איר הײַנט געלערנט? (אין בוך פארן לערער זײַנען געגעבן מוסטער-פאָרמולירונגען פאר די פאלן). אין IV לערניאָר גיב איך שוין די פראגע ניט, נאָר דער לערער דארף אליין שטעלן די פראגע אין סאָף יעדן לימעד, לאָזנדיק לעכאטכילע א פּאָר מינוט פאר דער פאָרמולירונג און פארשרײַבונג.

9. דער ארבעטבוך אנטהאלט ניט (ווי א כרעסטאָמאטיע) קיין איבעריקן מאטעריאל צום אויסקלײַבן. מע דארף אים דורכארבעטן אינגאנצן. טאָמער קלעקט ניט קיין צײַט צו פארענדיקן א לימעד, קען מען אריבערטראָגן אף א צווייטער שאָ. עס קען עפּשער אויסקומען נעמען א שאָ פון יענע 4 שאָ, וואָס זײַנען באשטימט פאר „כרעסטאָמאטיע און שריפט-ארבעט", אָדער פארגרעסערן די היימישע ארבעט. אין ערגסטן פאל וועט מען, פארשטייט זיך, מוזן פארפעלן א טייל לימעד. כ'האָב באצייכנט מיט א שטערנדל (*) יענע טיילן לימעד, וואָס מע מעג אין אזא פאל דורכלאָזן.

10. די היימישע פארגעבונגען בילדן א נייטיקן אָרגאנישן טייל פונעם לימעד לויטן ארבעטבוך „שפּראך". דער בוך איז אויסגערעכנט אף ארבעטן, כוץ די צוויי לימודים א וואָך, אינדערהיים אויך.

די היימישע ארבעטן זײַנען אין II לערניאָר אויסגעטיילט אלס יעדע דריטע ארבעט (באצייכנט ה); אין III לערניאָר זײַנען זיי אָנגעוויזן אין סאָף יעדן לימעד. אין IV לערניאָר האָב איך זיי ניט אויסגעטיילט, נאָר אין יעדן לימעד דארף א טייל (דער לעצטער אָדער נעענטער צום סאָף) דינען פאר היימישער ארבעט.

אייניקע היימישע שריפט-ארבעטן, באזונדערס די ערשטע, דארף מען פריער דורכמאכן אין קלאס מינדלעך.

אין אייניקע פאלן דארף דער לערער דערקלערן די שוועריקײַטן, וואָס קענען פאָרקומען אין די היימישע ארבעטן.

א וויכטיקע היימישע ארבעט איז—פירן א ווערטערביכל פון שווערע ווערטער. אין II לערניאָר ווײַז איך אָן ווערטער צו פארשרײַבן, שפּעטער לאָז איך דאָס פארן לערער. אפן ווערטערבוך דארף דער לערער לייגן ניט ווייניקער אכט, ווי אף די געניטונגען.

אין אייניקע ערטער האָט זיך מיר אײַנגעגעבן אומיטלבאר פארבינדן א לימעד מיט א פריערדיקן. ניט שטענדיק איז עס מעגלעך. דער לערער דארף אָבער ניט אָנהייבן קיין נײַעם לימעד, קאָלזמאן די שילער ווייסן ניט דעם פריערדיקן.

פארן אנאליז פון די היימישע פארגעבונגען בלײַבט אין די צוויי שאָ א וואָך קיין צײַט נישט. דאָס מוז מען מאכן אפן כעזשבן פון די איבעריקע 4 שאָ. ביכלאל דארף מען האלטן א פארבינדונג צווישן די לימודים לויטן אר-בעטבוך „שפראך" און די איבעריקע שפראך-לימודים, צ. ב. לייענעדיק פון כרעס-טאָמאטיע אָדער פאנאנדערקלײַבנדיק שילערשע שריפט-ארבעטן, דארף מען דערמאָנען די געהעריקע יעדיעס פון גראמאטיק, אָרטאָגראפיע, סעמאנטיק, באזונדערס — די ניט לאנג געלערנטע.

# VIII. ספּעציעלע אָנווײַזן צום II לערניאָר *

## זאַך, טוּונג (ארבעטן 1 ביז 19, כוץ 17)

צוועק — געבן א באגריף וועגן זאַך און טוּונג (דערווייל אין סעמאנטישן, ניט אין גראמאטישן זינען). די באגריפן דארף מען פריער צוגרייטן, — זיי זיינען צו אלגעמיין און אבסטראקט, אז מע זאָל פון זיי אָנהייבן גלײַך.

א מינדלעכער שמועס לויטן בילד פונעם ביכל אָדער לויט א בילד, וואָס הענגט אפן וואנט, אָדער לויט לעבעדיקע טוּונגען, וואָס מע זעט ארום זיך, פירט צו א ריי פראזעס פון סוביעקטן מיט אייגפאכע פרעדיקאטן (אין קעגנווארט). די פראזעס („פראזע" ווייסן די שילער נאָך פון I לערניאָר) פאַרשרײַבט מען פריער גאנצערהייט, דערנאָך צעשטעלט מען זיי אין צווײ רובריקעס (דער לערער דארף זאָגן, אז אָט-דאָס הייסט „רובריקע"). דאָס איז דער אָנהייב פון גראמאטישער גלידערונג פון רייד.

פריער גייען פראזעס מיטן נאטירלעכסטן ווערטערסיידער: סוביעקט—פרעדיקאט. אין דער ארבעט 4 קומען שוין פרעדיקאטן אפן ערשטן אָרט (כאָטש די שילער מעגן בויען די פראזעס פארקערט: סוביעקט—פרעדיקאט). ווײַטער קומען

---

* דרוקפעלערן אין „שפראך" פארן II לערניאָר (ערשטע אופלאגע).

§12. „דער" (נעמט דער ברויט) דארף ניט זײַן אויסגעטיילט.

41. די ערשטע 6 פראזעס דארפן זײַן באזונדער פון די אנדערע זעקס, אזוי, אז פאר די ערשטע 6 פראזעס דארף מען זוכן נאָר צווישן די ערשטע 7 ווערטער.

52. אין דער צווייטער שורע דארפן „בימער" און „בלעטער" ניט אויסגעטיילט זײַן. די לעצטע שורע פון דער דערציילונג א ז אלפיטאָעס געדרוקט מיט קלענערע אויסיעס.

62. אין צווייטן רעמל דארף זײַן „קאלטלעך".

79. דאָ איז ארײַנגעפאלן א טאָעס. די פראגע איז פאָרמולירט: „וועלכע פראזע קומט דאָ דרײַ מאָל?", בייס דעם דריטן מאָל איז „מורקע האָט א ביס געטאָן" נאָר א טייל פראזע. מע דארף פרעגן: „וועלכע עטלעכע ווערטער קומען דאָ דרײַ מאָל?".

100. אין דעם רעמל פעלן טירעען, דארף זיין:

| |
|---|
| ער גראָבט — איצט |
| ער האָט געגראָבן — פריער |

138. מאָרגן וועט ער דערשורען אין שול.

170. דארף זײַן „אנשלאָפן געוואָרן".

דאָ, געמישט, איינצאָלן און מערצאָלן. דער שילער ווערט צוגעגרייט צו באַנעמען מיטשטימונג פון פרעדיקאט מיטן סוביעקט.

אין דער ארבעט 6 ווערן שוין געגעבן פראזעס מיט פארשיידענעם ווערטערסיידער, קעדיי די שילער זאָלן ניט אונטערשטרייכן מעכאניש דעם ערשטן וואָרט מיט איין שטריך און דעם צווייטן מיט צוויי.

דאָס ווערטל „געגייט און געשטעפט" גייט ניט אריין אין דער פארגעבונג. דאָס קען דינען פאר מאטעריאל פאר א שמועס (וואָס געטאָן? ווער האָט געטאָן? אף וועמען זאָגט זיך עס?).

אין די ארבעטן 7 ביז 10 באקומען די קינדער עטלעכע פאראלגעמיינערונגען (אבסטראקציעס): געצייג, קיילע א. א. און דערנאָך ערשט די העכערע אבסטראקציע — „זאך" (דערוויל נאָך אין קעגנזאץ צו מענטש און כייע).

אין דער ארבעט 9 דארף מען אָפּערירן נאָר מיט די אויסגעטיילטע ווערטער, וואָרעם אזוינע ווערטער, ווי הארבסט, אונדז, א. א., זיינען נאָך צו שווער. (אויב עמעצער וואָלט געשטעלט די פראגע וועגן אזעלכע ווערטער, דארף מען אים ענטפערן, אז „הארבסט" — איז א צייט, „אונדז" — מענטשן און א. וו.).

די אבסטראקציע „טוונג" (ארבעט 11) איז שווערער ווי „זאך" אין צוויי פּראָטים: ערשטנס, איז דאָ ניט שטייעך קיין איבערגאנג-שטופעס, ווי דאָרטן (צווישן „לאָפּעטע" און „זאך" — אן איבערגאנג-שטופע „געצייג"), צווייטנס, איז דער סובסטאנטיוו „טוונג" אליין פאר זיך א העכערע אבסטראקציע, ווי דער ווערב „טאָן". קעגן דער צווייטער שוועריקייט קען מען אָנעמען א מיטל — געבן פריער אין דער פאָרמע פון ווערב (נייען, באקן...—הייסט טאָן) דערנאָך ערשט — אלס סובסטאנטיוו (בלויז „טוונג", ניט „נייונג, באקונג..."). ווען דער לערער פרעגט: רופט אָן עטלעכע טוונגען, ענטפערט דער שילער מיט ווערב-פאָרמעס: „נייען, באקן..." (אָדער אפילע: „אז מע נייט, מע באקט...").

די שפאסן „צווישן אלע שוסטערס..." (11) און „וועלוול, וואָס טוסטו?..." (13) דינען אף אָפּצופרישן זיך מיט א פריילעכן געלעכטער. אויב ס'איז דאָ צייט און שטימונג, קען מען עס אנאליזירן (אויסקלייבן מענטשן, זאכן, טוונגען).

אין דער ארבעט 15 זיינען שוין די ווערטער אין טעקסט ניט אויסגעטיילט, און דער שילער דארף אליין טראכטן וועגן יעדן וואָרט. דאָ קענען געמאָלט זיין ספייקעס, צ. ב. קעפל, גאס, גאָרטן — צי זיינען עס זאכן? ווו איז די טוונג — „געמאכט" צי „האָט געמאכט?" וואָס איז טאָג? מיין? א. א. וו. דער לערער טאָר ניט פארגעסן, אז דאָ האנדלט זיך וועגן סעמאנטישע, ניט וועגן גראמאטישע באגריפן. „טאָג" איז בעסער ניט האלטן פאר קיין „זאך" (ס'איז א „צייט"). ביכלאל מעגן די שילער וויסן, אז אכוץ זאכן און טוונגען, איז פאראן אין דער שפראך נאָך אסאך אזוינס, וואָס זיי וועלן נאָך ערשט דערלערנען.

## דיִאַלעקטישע גרײַזן (17, 20, 21)

דאָ ווערט דעם ערשטן מאָל די ארבעט דיפערענצירט לויט דיִאַלעקטן. אויב דער קלאס איז א געמישטער, קען דער לערער אינקורצן דערקלערן (נעמענדיק פאר בײַשפּילן קינדער פון דעם קלאס), אז אין פארשיידענע ער-טער רעדט מען פארשיידן, אָבער שרײַבן דארפן אלע אלצײנס. דעריבער איז נוציק צו געבן אמאָל שילער פון פארשיידענע ערטער פארשיידענע ארבעטן. דער לערער דארף, פארשטייט זיך, וויסן, צו וועלכן דיִאַלעקט יעדערער פון זײַנע שילער געהערט (דערבײַ דארף ער געדענקען, אז „אוקר״ און „ליטוו״ זײַנען באנוצט אין בוך קאָנווענציאָנעל: וויכטיק איז ניט די געאָגראפישע אָפּ-שטאמונג, נאָר די קאָנקרעטע דיִאַלעקטישע באזונדערקײַטן אין יעדערנס רייד). ווען דער קלאס איז ניט קיין געמישטער און די קינדער ווייסן ניט פון דער עקזיסטענץ פון אן אנדער דיִאַלעקט, איז ניט קעדיי דערויף זיך אָפּשטעלן, נאָר פּאַשעט פארפעלן דעם געהעריקן נומער (דעם „אוקר״ אָ — דער דעם „ליטוו״).

דער צוועק פון די דרײַ ארבעטן פאר אוקראַינער איז — ווענדן די אופ-מערקזאמקייט אף איין פאל פון אינטערדיִאַלעקטישע אויסלייגן — ו פארן או-קראַינישן i. קלאָר, אז מע דארף נעמען ווערטער אי מיט ו, אי מיט י, אניט קען זיך באקומען א פארקערטער גרײַז — אז די אוקראַינישע שילער זאָלן פאר יעדן i שרײַבן ו. דערבײַ ווערן אויסגענוצט אוקראַינישע האָמאָנימען (גוט — גיט), קעדיי די אָרטאָגראפיע זאָל זיך קענען פארקניפּן מיטן באטײַט.

אויב ס'איז דאָ צײַט, קען מען פאָרלייגן צוטראכטן נאָך אזעלכע ווערטער, ווי אין טעקסט. דאָ דארפן זיך באטייליקן אי די אוקראַינער, אי די ליטוואַ-קעס — די לעצטע וועלן אין דעם פאל דינען פאר א קריטערי.

פאָדערן פון די אוקראַינישע קינדער, זיי זאָלן ר ײ ד ן אנדערש, ווי זיי זײַנען געוויינט, דארף מען ניט.

די ארבעטן פאר די ליטוואקעס גיבן די ערשטע באקאנטשאפט מיט די פאָרמעס מ י ך, ד י ך, ז י (אקוזאטיוו) — זיך צוקוקן צו די פאָרמעס (17, 20) און, קימאט מעכאניש, באנוצן זיי (21). קיינע אויספירן קען מען דערווײַל ניט מאכן. אָבער אויב די קינדער פרעגן, דערקלערט דער לערער, אז ליטוואקעס זאָגן אנשטט „מיך, דיך״ — „מיר, דיר״, וועלן זיי זיך דארפן ביסלעכווײַז אויסלערנען ריידן ריכטיק. (דערווײַל דארף מען נאָך ניט פאָדערן פון זיי קיין אויפמערקזאמקײַט צו זייער אייגענער רייד אין דעם פראט).

## באשטימוואָרט און אומבאשטימוואָרט (22 ביז 30)

איינפאכסטער באגריף וועגן גראמאטישער באשטימטקײַט און אומבא-שטימטקײַט. דערבײַ איז שווער איגנאָרירן די פראגע וועגן מין — כאָטשבי דערפאר, וואָס פאר די ליטוואקעס איז דער ארטיקל „דאָס״ פרעמד.

אין א קלאס מיט בלויז ליטווישע קינדער דארף דער לערער דערקלערן, אז אין בוך שרײַבט מען אָפּט „דאָס", ווען מע זאָגט „דער" אָדער „די"; אין א געמישטן קלאס דארף דער לערער אָנווײַזן, אז דעם באשטימוואָרט שרײַבט מען אָפטער אזוי, ווי מע זאָגט אין אוקראַינע.

ווען די קינדער דערציילן דעם אינהאלט פון דער רעטעניש (26), קען ארויסקומען א נוצלעכע שפראכלעכע דיסקוסיע, צ. ב. צי אָנהייבן: „א שוסטער איז..." אָדער „דער שוסטער איז..."

דעם רעזולטאט פון דער ארבעט 29 קען מען ניט פאָרמולירן אלס קלאל: ערשטנס, וואָלט מען צוליב דעם געדארפט זיך פארנעמען מיט קלאנגלעכן אנאליז פון וואָרט („הייבט זיך אָן מיט א, אָ, ע, י, ו,") — און דאָס איז נאָך צו פרי, צווייטנס, לאָזט זיך ניט פאָרמולירן קיין פעסטער קלאל.

## איינצאָל און מערצאָל (31 ביז 42)

די באגריפן זײַנען אזעלכע גרינגע, אז שוין אין דער ערשטער ארבעט מעגן די קינדער, נאָך עטלעכע מינדלעכע געניטונגען, באקומען די פאָרמולירונגען, וואָס זײַנען געגעבן אין רעמלעך. אָנשטאָט די וווּלגארע פאָרמולירונג „מערצאָל — אסאך" קען מען געבן די ריכטיקע: „מערצאָל — מער ווי איינער".

דער איקער איז דאָ אָבער — דערלערנען פארשיידענע טיפּן מערצאָלבילדונג, און גראָד יענע, ווו מע מאכט גרײַזן אָדער מע סאָפּעקט זיך — מערצאָל מיט אינוועניקסטער בייגונג.

פאראלעל מיט „הענער" קען מען באנוצן די פאָרמע „האָנען".

אין 37 קען „טינט" דערוועקן א סאָפּעק — דעם וואָרט דארף מען פארפעלן („דאָס וועט איר שפּעטער לערנען"). צו „קעצלעך" דארף מען ניט געבן די איינצאָל „קאץ" אָדער „קעצעלע", נאָר „קעצל".

## פארקלענערונגע (43 ביז 51)

דאָ איז אויך, ווי בא מערצאָל, וויכטיק ניט אזוי דער פאָרמאלער באטײַט (ער ווערט גרינג באנומען), ווי די פאָרמאלע סימאָנים — טראפיקער ל (ניט שרײַבן „ברודעריל"!), — עלע (ניט שרײַבן „טײַבאלע"!), אינוועניקסטע בייגונג.

דאָ קומט ווידער די שווערע פראגע וועגן מין, וואָס מוז נאָ דערווײַל איגנאָרירט ווערן.

די ליטוואקעס מעגן באנוצן די פארקלענערנעמען אין I און II מין: א קליינינקע קעצעלע, א קליינינקער הענדעלע... אין א געמישטן קלאס איז געבוג צו קאָנסטאטירן, אז פארשיידענע קינדערריידן פארשיידן: איינער אָגט א „קלייניק הינטל", א צווייטער זאָגט „א קליינינקער הינטעלע".

אין ארבעט 50 — אופמערקזאם מאכן אפן פינטל אונטערן צווייטן יוד אין וואָרט י י נ ג ל.

## סימען (52—67, כוץ 65)

ווידער א סעמאנטישער באגריף, ניט קיין גראמאטישער. פאר בײַשפּילן זײַנען צוגעקליבן מערסטנטייל אדיעקטיוון, אָבער אויך (64, 66, 67) אדווערבן.

אין 55 מעג מען פארפעלן „דער ליכטיקער אינדרויסן", אויב ס'איז שווער אויפצונעמען „אינדרויסן" אלס א „זאך".

לויטן מוסטער פונעם לעצטן „רעמל" (א שיינער גאָרטן) קענען די קינדער מאכן עטלעכע רעמלעך, אויב ס'איז דאָ צײַט.

די ארבעט 58 לייענען שורעסווײַז, ד. ה. א היפשער אָקס, א היפשע בעהיימע. א היפש קאלב; א שיינער בוים, א שיינע בלום...

די ארבעט 67 קען בא א גוטן צושטאנד פון קלאס געבן שטאָף פאר אינטערעסאנטע שפּראכלעכע זוכענישן און וויקוּבים (צ. ב. דער קעגנזאץ צו „הויך" — „נידעריק" און „שטיל").

## דיאלעקטישע גרײַזן (65, 68, 69)

דאָ האנדלט זיך נאָר וועגן שריפט: ריידן מעג יעדערער אף זיין דיא-לעקט.

פאר אוקראינער איז דאָ געגעבן ה, פאר ליטוואקעס — וי און יי. דערבײַ דארף מען די אָס ה פּאָשעט אָנרופן באם נאָמען: היי. (וי און יי מעג מען אָנרופן: וואָוו - יוד, צוויי יודן, אָדער רופן זיי בלויז: אוי — איי).

באם שפּאס „וווּ ווינט ער?" דארף מען פארגלײַכן דעם אויסלייג פון „ווינט" און „וויינט".

## פראגע, אויסרוף, לאָגישער אקצענט (70 ביז 82, כוץ 80)

באשרײַבן די טאָן-באוועגונג בא פראגע, פּונקט און אויסרוף (אָדער נאָך אפילו פארלאנגען, די קינדער זאָלן זיי אליין אויסגעפינען) — קען מען ניט. ס'איז אי שווער, אי איבעריק, וואָרעם די קינדער ווייסן, וואָס הייסט „פרעגן", כאָטש זיי ווייסן ניט, אז דערבײַ הייבט זיך דער טאָן. גענוג, אז זיי וועלן אונטערשיידן פראזעס, ווו מע פרעגט, מע רופט אויס (אָדער מע שרײַט, ווי אין ערשטן בײַשפּיל פון 71), מע זאָגט (מע דערציילט).

אין דער ארבעט 72 קען מען אָנשטאָט צעשטעלן אין רובריקעס — אראָפּ-שרײַבן פריער אלע פראזעס מיט פרעגצייכנס, דערנאָך מיט אויסרופצייכנס און מיט פּונקטן.

דאָס, וואָס מע רופט לאָגישער אקצענט, הייסט דאָ פּאָשעט אקצענט, וואָרעם אקצענט פון וואָרט וועלן די שילער לערנען ערשט אין פערטן לערניאָר. אקצענט (לאָגישער) איז העכסט וויכטיק פאר אויסדריקלעכן לייענען.

די אונטערשטרײַכונגען אין 81, 82 קענען זײַן סוביעקטיוו. דער לערער דארף אָבער אין סאָפּעקפאלן דורכקאָנטראָלירן, צי דער שילער האָט אונטער-

געשטראָכן ריכטיק לויט זײַן אייגענער (דעם שילערס) אויסשפּראַך, צ. ב. אויב ס׳איז אונטערגעשטראָכן:

ניט קיין פײַער, נאָר סע ברענט,

דאַרף דער לערער הערן, ווי דער שילער לייענט (פון בוך) און זען, צי אַזוי טאַקע לייענט ער. פאַר נאָרמאַלער אונטערשטרײַכונג קען מען האַלטן אַזאַ:

ניט קיין פײַער, נאָר סע ברענט.

דער עווערסטער פעלץ איז ווינטער גרינג, די גרינגסטע העמד איז זומער שווער.

איינער איז געווען הונגעריק, קויפט ער אַ בייגל. אויפגעגעסן דעם בייגל, וויל ער אַלץ עסן. קויפט ער אַ צווייטן בייגל. איז ער נאָך אַלץ הונגעריק א. א. וו.

## דיאַלעקטישע גרײַזן (80, 83, 84)

פאַר „ליטוואַקעס" — געניטונגען מיט די צישקלאַנגען. דער לערער דאַרף זען, די שילער זאָלן ניט איבערבויגן דעם שטעקן אין דער אַנדערער זײַט און ניט אָנהייבן זאָגן „דרײַשיק" אד״ג.

פאַר „אוקראַיִנער" — געניטונגען מיט ע און יי.

## באַקאַנטשאַפט מיט אַ בוך (85 ביז 87)

די שול דאַרף אויסלערנען דעם שילער אַרבעטן מיט אַ בוך. דאָס וואָלט געדאַרפט בילדן אַ באַזונדער טייל אין דער פּראָגראַם, און אין דער פּראַקטישער שול-אַרבעט פאַרקומען אויף אַלע לימודים. צומנייעטסטן אָבער איז עס מיטן שפּראַכלימעד, וואָרעם בוך איז אַ מאַטעריעלע פאַרקערפּערונג פון שפּראַך.

די אַרבעט איבערן בוך דאַרף זיך אָנהייבן, פאַרשטייט זיך, פון באַקאַנטשאַפט מיטן בוך.

גוט איז אויסמערקירן, אַז די דרײַ אַרבעטן (85 ביז 87) זאָלן אויספאַלן פאַרן ווינטער-איבערײַס, אַלס שלוס פון אַ האַלב יאָר לערנען.

דעם טעקסט פון 86 שאַט ניט אַראָפּשרײַבן מיט גרויסע אויסיעס אויף אַ בויגן און אויסהענגען אין קלאַס.

## איבערעכענונג (88 ביז 99)

די אינטאָנאַציע פון פונקט און קאָמע איז אָפט (צ. ב. אין 89) זייער אָנזעעווודיק; מע דאַרף אָבער ניט באַשרײַבן זי, נאָר פּאָשעט פאַרגלײַכן און אָנרופן: „שולהויף, קאָרידאָר, קלאַסן" רעדט מען אַרויס מיט אַ קאָמע, „שפּיל-צימער" — שוין מיט אַ פונקט. אויב נייטיק, מאַכט דער לערער אַן עקספּערימענט — ער לייענט אַזוי:

מיר האָבן צוגעקליבן דעם שולהויף. דעם קאָרידאָר. די קלאַסן. דעם שפּיל-צימער.

די שילער זעען, אז דאָס איז אן אנדער לייענען.

דער לערער דאַרף ניט באַנוצן דעם טערמין „אינטאָנאַציע״, נאָר — „זיך צוהערן, ווי די קאָמעס לייענען זיך״ (אָדער: ווי מע רעדט זיי ארויס).

דאָס „רעמל״ אין 98 (פּרג. 91) אילוסטרירט דעם אויספיר, אז פאַר „און״ הערט זיך די קאָמע אזוי גוט, ווי אָן „און״.

די פּונקטואַציע אין 99 דאַרף זײַן אזא:

ווען איך גיי פאַרבײַ דעם פעטער מאָטיעס קוזניע, מוז איך אַרײַנגיין. איך האָב ליב צוקוקן, ווי מע אַרבעט דאָרט. אַלע זײַנען פאַרנומען. דער פעטער וואַרעמט אָן אײַזן, מיכל אַרבעט באַם קאָוואַדלע, שאָלעם ציט אָן אַ ראָד און דער קליינער בערקע טוט שוין אויך עפּעס. געצײַג איז באַם פעטער אָן אַ שיר: האַמערס פון פאַרשיידענער גרייס, אַלערליי צוועגעלעך, קאָלאַמיניס פײַלן, זעגלעך אַף שנײַדן אײַזן, שאַרפשטיינער, בויערלעך אַף בויערן אײַזן און צוויי גרויסע בלאָזזעק. אין קוזניע מאַכן זיי אַלץ: וועגלעך, שליטלעך, אַקערס, העק, סערפּן, שלעסער און וואָס איר ווילט נאָר. שיין איז צו קוקן, ווען מע שמידט אונטער אַ יונג פערדל: דער פויער האַלט אים פאַרן צוים, שאָלעם — פאַרן פוס, בערקע דערלאַנגט צוועקעס און דער פעטער אַליין שמידט אים אונטער. מיר געפעלט, ווי שמידן אַרבעטן.

## פאַרגאַנגענהײַט (100 ביז 135)

דעם פאָרמאַלן באַטײַט איז דאָ גרינגער צו געבן, ווי די פאָרמאַלע סימאָנים. דידאָזיקע ווערן דערלערנט גאַנץ אויספירלעך און סיסטעמאַטיש.

אַף דער פראַגע (100): „וואָס איז דער כילעק פון דער ערשטער דערציילונג ביז דער צווייטער?״ דאַרף מען באַקומען אַן ענטפער וועגן דעם כילעק פון די ווערטער גופע, צ. ב. פריִער האָב איך געזאָגט „ער זייט״, און דערנאָך — „ער האָט געזייט״.

ווייטער בילדן די שילער (101) פאַרגאַנגענהײַטן לויט אַ געגעבענעם מוסטער (אין 101 אויפמערקזאַם מאַכן אַפן אויסלייג „געוועבט״ מיט אַ בייז), זיי פאַרפעסטיקן עס אין 104 (מע מעג איבערשרײַבן קירצער: „איך האָב געלייענט, געשריבן און געמאָלט״, אויב די שילער אַליין וועלן עס פאָרלייגן). אין 106 באַקומען זיי אַ באַגריף וועגן די צוויי הילפווערבן. דערבײַ דאַרף מען אָדער גאָר קיין אויספירן ניט מאַכן, אָדער אין אַזאַ פרימיטיווער פאָרמע: באַ אייניקע טוונגען זאָגט מען „איך האָב גזעען, איך האָב געהערט״, און באַ אַנדערע — „איך בין געפאָרן, איך בין געקומען״.

די צוויי ווערטער, וואָס פון זיי באַשטייט די פאַרגאַנגענהײַט-פאָרמע, קענען קומען ניט בישכיינעס — דאָס ווערט געוויזן אין 109 א. וו.

אין 114 מעג מען שרײַבן: ער האָט געקויפט אַ פערדל, וואָס סע האָט געהירזשעט, און: ער האָט געקויפט אַ פערדל, וואָס סע הירזשעט; אַזוי אויך אין די ווײַטערדיקע צוויי פראַזעס. דערקלערן דעם אונטערשייד צווישן הויפּט-

זאָך און בײַזאַך קען מען, פאַרשטייט זיך, ניט. מע קען נאָר, בא א גוטן צושטאַנד פון קלאַס, שטעלן פאַרן קלאַס די פראַגע, ווי געפעלט זיי בעסער: „וואָס סע הירזשט", צי „וואָס סע האָט געהירזשעט".

ווײַטער (115 א. וו.) דאַרף מען דערלערנען די אינעוועניקסטע בייגונג אין פאַרטיציפּן (צוגעקליבן לויט טיפּן). דערבײַ מעג מען שרײַבן (124) „געפראָרן" און געפרוירן", מע מעג זאָגן (125) „געליִען", און „געליגן", „געשפּײַט" און „געשפּיגן", „געשריִען" און „געשריגן", „געגאַנגען" און „געגאַן".

ווײַטער זײַנען פאַראַן פאַרטיציפּן מיט גע און אָן גע (128 א. וו.), אָבער די קלאָלים דערפון דאַרף מען נאָך ניט לערנען. אין 128 קען פאַרשוועריקן דער וואָרט „אָנגעהויבן". דער לערער דערקלערט, אז דאָ איז „גע" פאַראַן, נאָר עס שטייט אינמיטן: מע קען דאָך ניט זאָגן „געאָנהויבן".

אין די לעצטע אַרבעטן ווערן פאַרפעסטיקט די שווערערע פאַרטיציפּן (געוואָרן, געגאַנגען, געוווסט א. א.), דער באַנוץ פון האָב — בין.

מע מעג שרײַבן (134) „פאַרלאָרן", און „פאַרלוירן", „געזען" און "געזעען".

## צוקונפט (136 ביז 147)

דאָ איז ווייניקער פאַרשיידענע דערשײַנונגען צו לערנען, ווי בא פאַרגאַנגענהײַט.

אין 142—143 דאַרף מען בא שילער אוקראַינער ווענדן זייער אופמערקזאַמקײַט אפן אונטערשייד „ווער האָט געפונען" — „ווער וועט געפינען" (זיי מעגן זאָגן איןביידע פאַלן, „געפינען", אָבער זאָלן וויסן, ווי סע שרײַבט זיך).

## פאַרשיידנס וועגן צײַטוואָרט (148 ביז 156)

דאָ קומט קעגנשטעלונג און פאַרפעסטיקונג פון די דרײַ צײַטן, מאָרפאָלאָגישער פרינציפּ פון אָרטאָגראַפיע (149 — אָן קיינע קלאָלים און פאָרמולירונגען), פאַרפעסטיקונג פון די שווערערע פאַרטיציפּן (151 א. וו.).

## צײַטוואָרט און פראָנאָם (157 ביז 168)

זיך אויסלערנען שרײַבן דעם פראָנאָם נאָכן צײַטוואָרט — באַזונדער פונעם צײַטוואָרט (זעט ער, ניט: זעטער), כוץ דער צווייטער פערזאָן (166 א. וו.).

אין שפּאַס 163 דאַרף הייסן: רופט מען אים, עסט ער (ד. ה., אז מע רופט אים עסן, עסט ער).

אין 164, 165 — א צוגרייטונג צו דער לערע וועגן ווערטערסיידער.

## אָרטאָגראַפישע געניטונגען און איבערכאַזערונג (169 ביז 177)

שרײַבן „זיך" באַזונדער פונעם ווערב (169 א. וו.), ווערטער מיט יוד (172) פּרעפיקס גע-(175), אנג, אנק (176), ה פאַר אוקראַינער (177), אקוזאַטיוו פאַר ליטוואַקעס (177); איבערכאַזערונג (173, 174).

## סעמאַנטיק (178)

ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט האָמאָנימען.

# IX. ספּעציעלע אָנווײַזן צום III לערנייאָר*

## 1. סובסטאַנטיוו

1. ווו זײַנען דאָ מענטשן? כײַעס? זאכן? סימאָנים? טווּנגען? עטלע־כע ווערטער קענען פארשווערליקן די שילער: פּעסיעס (ווײַל א פּאָסעסיוו) אַלע, זיי, אים (ווײַל נעמען פון ניט־מענטשן זײַנען אריבערגעטראָגן אף מענטשן), נעמען, צונעמעניש, שוירעש (ווײַל ניט גענוג קאָנקרעטע זאכן), הייסט, א נאָמען געבן (ווײַל ניט גענוג קאָנקרעטע טווּנגען). דער לערער דארף אין איי־ניקע פאלן אָנווײַזן און דערקלערן: „פּעסיעס" איז א נאָמען פון א מענטש, (דעם כּילעק צווישן „פּעסיע" און „פּעסיעס" וועט איר לערנען איבעראיאָר), „קלעצל" איז א זאך, ניט קיין מענטש, ס'איז נאָר א צונעמעניש פאר א מענטשן; טשערנאָהוז**, בופלאקס***, קאָטער זײַנען כײַעס. אין אנדערע פאלן דארף דער לערער לאָזן די שילער שרײַבן אָדער ניט שרײַבן דעם וואָרט. אָט וואָס פאר אן ענטפער עס דארף זיך באקומען (אין קלאמערן די ווערטער, וואָס די שילער מעגן שרײַבן און ניט שרײַבן):

---

* דרוקפעלערן אין „שפּראַך" פארן III־טן לערנייאָר (ערשטע אופלאגע).

ז. 10. אונטערן טיש דארף זײַן די אנשריפט „טישן" און אונטער די צוויי טישן — „טיש".

ז. 13. אין רעדל דארף זײַן אײנצאָל און מערצאָל.

ז. 14. ערשטער מיַ

ז. 28. דער וואָרט „זיגזאג" דארף זײַן אונטערגעשטראָכן מיט א זיגזאג, ניט מיט קיין פּונקטיר.

ז. 56. שורע 5 פון אונטן. נאָך „מענטשעלעך" דארף זײַן א קאָמע.

ז. 59. שורע 5 פון אונטן פעלט אין אָנהייב א טירע.

ז. 64 שורע 31. דארף זײַן אנשט. דער קאָמע א פּונקט.

ז. 84, אין רעמל דארף זײַן „דער" (באשטימוואָרט).

ז. 87. שורע 24. קערנדל

ז. 114. דארף זײַן 48 Москва.

ז. 119. „אַ מיט א פאסעך" דארף ניט זײַן; „ב" דארף זײַן אָן א פּינטל; אָנשטאָט „פ" און „פֿ" דארף זײַן „פּ" און „פ".

** טשערנאָהוז — אַ פויגל אזא. שטאָרך (аист)

*** בופלאקס — א ווילדער אָקס.

| מענטשן | כײַעס | זאכן | סימאָנים | טוונגע: |
|---|---|---|---|---|
| שכיינע | קאָטער | (נעמען) | גראָב | (הייסט) |
| פעסיעס | טשערנאָהוז | (צונעמענישן) | קײַלעכדיק | גיב |
| קינדער | בופלאקס | קלעצל | שווארצער | רופט |
| (אלע) | | (נאָמען) | שפיצעכיקע | (א נאָמען |
| (זיי) | | (שוירעש) | גרויסער | געגעבן) |
| פיניע | | נאָז | | |
| וועלוול | | שטיקל | | |
| (אים) | | ברויט | | |
| מענדל | | שמאלץ | | |
| פײַטלען | | | | |
| בערל | | | | |
| נאשער | | | | |

די פאָרמולירונג אין רעמל איז ניט קיין ווידערשפרוך מיט דער וויסנ-שאפט. עמעס, ניט יעדער סובסטאנטיוו באטײַט „א מענטשן, א כײַע, א זאך" (נעמענדיק „זאך" אין סעמאנטישן זינען), אָבער יעדער וואָרט, וואָס באטײַט א מענטשן, א כײַע, א זאך, איז א סובסטאנטיוו. שפעטער וועלן די שילער לערנען נאָך אנדערע סובסטאנטיוון.

2. פון אָט-די 24 ווערטער ארויסשרײַבן נאָר די סובסטאנטיוון. איינער שרײַבט אפן טאָוול, די איבעריקע אין די העפטן. אויבן אָנשרײַבן: סובסטאנ-טיוון.

דערמאָנען (מיט בײַשפּילן) איינצאָל און מערצאָל. אויסקלײַבן פון דעם אויסגעשריבענעם צעטל סובסטאנטיוון — איינצאָלן און מערצאָלן.

דערמאָנען (מיט בײַשפּילן) באשטימוואָרט און אומבאשטימוואָרט. צוגעבן צו יעדן פון די ארויסגעשריבענע סובסטאנטיוון א באשטימוואָרט (דאָס קלעצל, דער קאָטער, די קינדער, די שכיינע, די נאָז, די קלעצלעך, דאָס הויז. די טישן, די קאץ, די קעץ, די ברידער, די הינט). בא וועלכע קען מען ניט צוגעבן? (פיניע, וועלוול, רוסלאנד).

## 2. אייגנגאָמען

1. די קינדער לייענען די ענטפערס אפן פונקט 5 פון דער אנקעטע. אויב ס'געפינען זיך צוויי מענטשן מיט דערזעלביקער פראָפעסיע, נעמט עס דער לערער פאר אן אויסגאנג-פונקט, אויב ניט — טראכט ער אליין צו א בײַשפּיל.

יאָסל איז א בלעכער, רופט מען אים יאָסל דער בלעכער. מוישע איז אויך אַ בלעכער. ער הייסט מוישע דער בלעכער. פאראן נאָך בלעכערס מיט אנדערע נעמען.

יעדער מענטש האָט זיך זײַן אייגענעם נאָמען.

אנדערע אזעלכע בײַשפּילן.

2. אז יאָסל דער בלעכער וועט ווערן א שנײַדער, ווי וועט ער שוין הייסן? וואָסער נאָמען וועט בלײַבן דערזעלביקער?

3. דעם שפּאס דארף מען ניט אנאליזירן, נאָר אויב ער וועט וועקן די שילער צו ארויסזאָגונגען, דארף עס דער לערער אויסנוצן צו פארפעסטיקן דעם באגריף אייגננאָמען.

די קינדער לייענען די ענטפערס אפן פונקט 4 פון דער אנקעטע.

אלע שטעט, שטעטלעך, דערפער, וואָס ווערן דערמאָנט, פארשרײַבט מען אפן טאָוול אין רובריקעס.

| שטעט | שטעטלעך | דערפער |
|---|---|---|
| | | |

4. אונטערשטרײַכן אין דער אויסגעפילטער פארגעבונג 1 אלע אייגננעמען ווענן דעם שפּאָס—ז. 3 נומ.

אין רער היימישער ארבעט קען פארשווערן „פייגע-לייע די גאבעטע", „נאכמען דעם גאבעס" (ווײַל פאראלעליזמען). דער לערער דארף אָנווײַזן, אז „פייגע-לייע די גאבעטע" איז, עמעס, איין מענטש, אָבער סובסטאנטיוון איז דאָ צוויי — „פייגע-לייע" און „גאבעטע".

## 3. לערער, לערערקע, לערערן

1. די קינדער לייענען די ענטפערס אפן פונקט 5 פון דער פארגעבונג 1, אָדער מע דערמאָנט אויסווייניק, וועמעס טאטע (מאמע) מיט וואָס עס פארנעמט זיך, רער לערער קלײַבט אויס ווערטער מיטן סופיקס - ער (שנײַדער, בלעכער, נייטערקע א. א. וו.) און מע שרײַבט זיי אָן אפן טאָוול. דערנאָך פארטײַטשט מען זיי (א בלעכער — ארבעט בא בלעך, א שנײַדער — שנײַדט-צו און נייט, א וועשערן — וואשט וועש...) מע דערמאָנט זיך נאָך אזעלכע ווערטער.

2. אויסקלײַבן די סובסטאנטיוון מיט - ער און דערקלערן (אהער געהערן אויך „שנײַדערקע, דערציִערן", ווו „ער" שטייט אינמיטן וואָרט).

ווי הייסט דער, וואָס זינגט? דער, וואָס טאנצט? דער, וואָס דערציילט? דער וואָס דערציט? דער וואָס נאשט? דער וואָס מאָלט?

בא דער מײַסע מיט „א צינדער" ווענדן די אופמערקזאמקײַט אף דער אָרטאָגראפיע (א צינדער — אצינדער).

3. אויסטיילן די ווערטער דערציִערן, לערערן א.א.וו. ווי קען מען אנדערש זאָגן? (דערציִערקע, לערערקע). אָבער ניט שטענדיק; „פארוואלטערקע" זאָגט מען נישט.

וויפל שילערנס איז אין קלאס? וויפל לערערנס (לערערקעס) איז אין שול?

## 4. דרײַ מינים

1. אויסטיילן די סובסטאנטיוון, ווו ס'איז פאראן באשטימווערטער (די לערערקע, דער הארבסט, די זון, די ביימער, דער בוים, דאָס גאָלד), פאַר-שרײַבן זיי אפן טאָוול באזונדער איינצאָל און מערצאָל. ווענדן די קינדערס אופמערקזאמקײַט אף די דרײַ באשטימווערטער אין איינצאָל: דער, די, דאָס. צוזוכן נאָך ווערטער מיט ד ע ר, ד י, ד אָ ס.

דער לערער דארף געדענקען, אז מין עקזיסטירט נאָר בא איינצאָל.

2. וואָס פאר א באשטימוואָרט איז באם ערשטן מין? באם צווייטן? באם דריטן? בא מערצאָל?

3. וואָס איז דער כילעק פון נ אָ ז ביז נ ע ז ל? באמערקן: די נאָז, דאָס נעזל. (אזוי אויך די איבעריקע פארקלענערונגען פון טעקסט).

מע דארף נישט נעמען פאר א קריטעריי פונעם מין די פראָנאָמען ער, זי, עס, וואָרעם בא נעמען פון לעבעדיקע וועזנס טרעפט, אז זיי אנטשפרעכן ניט קעגן דעם מין: „דאָס באָכערל (III מין) — וואָס וויל ער האָבן".

4. לייענען די אונטערגעשטרײַכטע ווערטער פון פארגעבונג 2 (כוץ אייגנ-נעמען), צו יעדערן צוגעבן א באשטימוואָרט. צו יעדערן בילדן די פארקלענע-רונג מיט א באשטימוואָרט, צ. ב.: די שטוב, דאָס שטיבל.

## 5. מערצאָל

דער צוועק — געבן א באגריף וועגן סופיקס, ד. ה. וועגן דעם, אז די מערצאָל-פאָרמע שיידט זיך אונטער פון דער איינצאָל-פאָרמע נאָר מיט די לעצטע קלאנגען פון וואָרט. די סופיקסן ווערן דאָ געגעבן אלס אויסיעס, ניט אלס קלאנגען, ווײַל דער געדרוקטער וואָרט איז פאר די שילער אָנזעעוודיקער, ווי דער גערעדטער.

1. לייענען די אויסגעפילטע פארגעבונג 3 און צו יעדן סובסטאנטיוו בילדן א מערצאָל (ווען-ניט-ווען פארשרײַבן אפן טאָוול).

2. וואָסערע אויסיעס קומען אין מערצאָל?

3. דאָסזעלביקע.

4. דאָסזעלביקע.

די ווערטער „וואָרעמלעך" אדג. זײַנען געגעבן צוליב אָרטאָגראפיע.

## 6. נאָך וועגן מערצאָל

1. דערמאָנען די מײַסע מיט דער קאץ פון לימעד 4. לייגן אכט אף דער לעצטער פראַזע.

פארוואָס זאָגן זיי טאקע „קעץ" אָנשטאָט „קאץ"? (ווײַל זיי זײַנען אופ-געבראכט, ווילן פארשטארקן דעם אײַנדריק).

וואָס קומט צו אין וואָרט ק אַ ץ אין מערצאָל? (קומט גאָרניט צו, נאָר דער א פארבײַט זיך אף אן ע).

דערמאָנט זיך נאָך אַזעלכע ווערטער.

2) גאנג, שלאנג האָבן צווייערלייִקע מערצאָלן: גענג — גאנגען, שלענג — שלאנגען. דער שילער מעג שרײַבן, ווי ער וויל.

שפּיל. אפן טאָוול שרײַבט מען אָן אנג. מע דארף צושרײַבן פריִער איין אָס, אז עס זאָל ארויסקומען א וואָרט (צ. ב. גאנג, זאנג). דאָסזעלביקע מיט צוויי אויסעס צושרײַבן, דאָסזעלביקע אַנק, ענג, ענק, די אלע ווערטער פארשרײַבט מען אין ווערטערביכל.

3. ווי איז די מערצאָל צום סובסטאנטיוו דער עפּל? אין וואָס איז דער אונטערשייד? (דערמאנען דעם טערמין באשטימוואָרט). און אין סובסטאנטיוו אליין (עפּל)? (קיין אונטערשייד ניט).

ווי איז די מערצאָל צום סובסטאנטיוו: דער ארבל? דער שטריק? דער שטיוול?

וואָס איז דער כילעק: די שוועסטער נייט — די שוועסטער נייען? ווי דערקאָנט מען, ווו איינצאָל, ווו מערצאָל? (דערמאָנען דעם טערמין טווּנג).

ווי דארף מען זאָגן: די ליכט ברענט, צי די ליכט ברענען? (מע מעג זאָגן אי אזוי, אי אזוי, ווײַל „ליכט" קען זײַן איינע און מערער).

פּארבײַט דעם באשטימוואָרט אף אן אומבאשטימוואָרט.

דערמאָנט זיך נאָך אזעלכע ווערטער.

## 7. נאָך וועגן מערצאָל

1. אויסזוכן דאָ די סובסטאנטיוון—מערצאָלן, אָנשרײַבן אפן טאָוול פּאראלעל מיט די איינצאָלן.

כאוועך — כאווײרים.

יאָנטעוו — יאָנטויווים.

כוידעש — כאָדאָשים אָדער כאָדאָשים.

וואָסערע אויסיעס קומען צו אין מערצאָל? דערמאָנען זיך נאָך אזעלכע ווערטער.

2. ווו איז דאָ א מערצאָל? ווי איז די איינצאָל?

3. וואָס איז פארן מעם אין די מערצאָלן? אין די ניט-מערצאָלן? (יעסורים איז א מערצאָל, כאָטש קיין איינצאָל איז ניטאָ).

4. אופשרײַבן אפן טאָוול 10 ווערטער מיט — ים און מיט — עם.

5. ארויסשרײַבן די ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן מיט יע, לע, מע, נע, רע. דאָס אייגענע פונעם פריִערדיקן טעקסט. ארויסשרײַבן פונעם לעצטן טעקסט די ווערטער מיט יי.

בילדן מערצאָלן צו די סובסטאנטיוון פון דער פארגעבונג 4. שרײַבן אפן טאָוול און אונטערשטרײַכן די אויסיעס, וואָס קומען צו אין מערצאָל.

## 8. סוביעקט און אָביעקט

1. ווער איז מאָטל? ווי קומט ער צו פּעסיעס קינדער? ווי באגייען זיי זיך מיט אים? וואָס טוט זיי דער טאטע?

פונעם שמועס קלײַבט דער לערער אויס א פראזע, ווו עס קומט פאָר א סוביעקט און אן אקוזאטיוו, אָדער ער שטעלט אליין אוף אזא פראזע. מע פארשרײַבט זי אפן טאָוול און מע קלײַבט פאנאנדער.

ווער שלאָגט? — דער טאטע.
וועמען שלאָגט ער? — קאָטערן.
ווער טשעפּעט? — די קינדער.
וועמען טשעפּען זיי? — מאָטלען.

2. אָנווײַזן אין די 5 פראזעס די סוביעקטן און אָביעקטן.
שטעלט אוף עטלעכע פראזעס מיטן סוביעקט הערשל.
„ „ עטלעכע פראזעס מיטן אָביעקט מאָטלען.
„ „ א פראזע מיטן סוביעקט פעסיע און אָביעקט די קינדער.

## 9. נאָך וועגן אָביעקט

1. ארויסשרײַבן אפן טאָוול און אין די העפטן באזונדערע פראזעס פון פארגעבונג 8, אנטקעגנשטעלנדיק דיזעלביקע ווערטער אלס סוביעקטן און אָביעקטן, צ. ב.:

דערווײַל קומט זעלדע
די שוועסטער האָט ליב זעלדען.

דערנאָך ארויסשרײַבן באזונדער די סוביעקטן און אָביעקטן:

| | |
|---|---|
| סוביעקטן | זעלדע, דער ברודער, די שוועסטער |
| אָביעקטן | זעלדע, דעם ברודער, די שוועסטער. |

וועלכע אויסיעס קומען-צו באם אָביעקט?

צוטראכטן פראזעס מיט אייגננעמען (פון מענטשן) —סוביעקטן און אָביעקטן, אָנשרײַבן די סוביעקטן און אָביעקטן.

## 10. פּרעפּאָזיציע

שמועס וועגן די בילדער — אזעלכע פראגעס, אז אין די ענטפערן זאָלן פיגורירן די פּרעפּאָזיציעס: אף, איבער, אונטער, הינטער.

2. וואָס איז דער כילעק: אף דעם טיש און איבער דעם טיש?
„ „ „ „ אונטער דער שאפע און הינטער דער שאפע?
„ „ „ „ הינטער דער עטאזשערקע און אונטער דער עטאזשערקע?

אופשטעלן פראזעס מיט די ווערטער: אף, איבער, אונטער, הינטער.

3. אופזוכן אין פריערדיקן טעקסט באשטימווערטער. וועלכער מין איז טיש? עטאזשערקע?

נאָך א פּרעפּאָזיציע קומט אָנשטאָט דער — דעם און אָנשטאָט די — דער.

דער לערער זאָגט סובסטאַנטיוון (איינצאָל ערשטער און צווייטער מין) און די קינדער שטעלן - אויף פראַזעס מיט פּרעפּאָזיציעס, צ. ב.:

די באַנק — איך זיץ אויף דער באַנק.

4. פאַרגלייכן מיטן פריערדיקן טעקסט.

## 11. נאָך פּרעפּאָזיציעס

1. שמועס וועגן די בילדער; פאַרשרייבן אויפן טאָוול די פראַזעס און אונטערשטרייכן די פּרעפּאָזיציעס.

2. וואָס איז דער כילעק פון א נ ט ק ע ג ן ביז פ א ר ב ײ (שטעלט אויף פראַזעס). פון א י ן ביז פ ו ן? וואָס איז פאַרקערט פון א ו ף? (אונטער). פון צ ו? (פון). וואָס איז דער כילעק פון א י נ מ י ט ן ביז א י ן? (ד י ב ע ט ש ט י י ט א י ן צ י מ ע ר; ד י ב ע ט ש ט י י ט א י נ מ י ט ן צ י מ ע ר; „אין" קען זיין ניט דאַפקע „אינמיטן"). פון א ר ו ם ביז ד ו ר ך? (מיר זײַנען געגאַנגען אַרום דעם סאָד; מיר זײַנען געגאַנגען דורך דעם סאָד) אאַוו.

אויפשטעלן פראַזעס מיט די פּרעפּאָזיציעס.

3. ווי קען מען זאָגן אַנשטאָט ד ו ר ך ד ע ם, צ ו ד ע ם אאַוו.? אויפשטעלן פראַזעס.

4. פאַריכטן די פראַזע דאַרף מען אַזוי:

צווישן די ביימער אין וואַלד...

אָדער: אין וואַלד צווישן די ביימער...

ד. ה. איבערשטעלן אָדער די סובסטאַנטיוון, אָדער די פּרעפּאָזיציעס.

## 12. נאָך פּרעפּאָזיציעס

1. אויפשרייבן אויפן טאָוול די פּרעפּאָזיציעס פון דער אויסגעפילטער פאַרגעבונג 11.

2. לייגן אכט אויף די פּרעפּאָזיציעס. וועלכע זײַנען נײַע? אויפשטעלן פראַזעס מיט די נײַע פּרעפּאָזיציעס. לייגן אכט אויפן פאַרבײַט פ א ר ד ע ם — פ א ר ן און ד. גל.

3. אויפזוכן דאָ פּרעפּאָזיציעס (צווישן נײַע — ב י ז, ו ו ע ג ן).

אויפשטעלן פראַזעס מיט פאַרשיידענע פּרעפּאָזיציעס (וואָס מער פראַזעס מיט איין פּרעפּאָזיציע מיט פאַרשיידענע באַטײַטן).

4. פאַרגלײַכן די באַטײַטן פון דערזעלביקער פּרעפּאָזיציע. רעכטס באַטײַטן זיי אָרט (גיין ביז וועלכן אָרט, געגאַנגען אין וועלכן אָרט), לינקס באַטײַטן זיי ניט קיין אָרט.

5. ענטפערן אויף די פראַגעס. אויפשטעלן אַליין אַזעלכע פראַגעס וועגן איין אַך, אַז מע זאָל דאַרפן ענטפערן מיט פאַרשיידענע פּרעפּאָזיציעס.

שפּאַסיקע דעטעניש: וואָס איז בעסער — כאַלאָנקעס צי כאַלעמיטקעס? (כאַלע אָן קעז, כאַלע מיט קעז).

6. הײַנט האָבן מיר געלערנט די פּרעפּאָזיציעס:
נאָך, מיט, פאַר, בא, ביז, וועגן.

אויב מע האָט געלייענט דעם טעקסט מיטן שטערנדל — איז נאָך א פּרעפּאָזיציע „אָן".

## 13. איך, מיך, מיר

1. אופשטעלן נאָך אזעלכע פראַזעס מיט די ווערטער מיר, דיר, אים, איר און מיט פּרעפּאָזיציעס.

2. אופשטעלן פראַזעס מיט די ווערטער איך, דו, ער, זי, (סוביעקטן) און מיך, דיך, אים, זי (אָביעקטן). דער לערער זעט, וועלכע קינדער (ליטוואַקעס) זאָגן: מיר, דיר, איר אָנשטאָט מיך, דיך, זי, און מאַכט זיי אופמערקזאַם, אז זייריידן ניט ריכטיק.

3. געפינען זי א סוביעקט און זי אן אָביעקט, געפינען דעם וואָרט איר נאָך א פּרעפּאָזיציע.

אופשטעלן פראַזעס מיט די ווערטער איך, מיך, מיר (בא מיר — א פּרעפּאָזיציע) דו, דיך, דיר (בא דיר — א פּרעפּאָזיציע).

4. איבערמאַכן, פאַרבײַטנדיק דו אף ער, זי, איר, זיי. לייגן אכט, וואָס ווערט אָנשטאָט דיך און אנשטאָט דיר (איך האָב אים געזוכט... איך האָב זי געזוכט... איך האָב אײַך געזוכט...)

5. אָנשטאָט צו פאַרשרײַבן, וואָס מע האָט הײַנט געלערנט, איבערשרײַבן די צוויי טאַבעלעס (סוביעקט, אָביעקט, נאָך א פּרעפּאָזיציע), מאַכנדיק פון זיי איינע (ד. ה. נאָך איך, דו, ער, זי — גייט מיר, איר, זיי).

## 14. וועגן שרײַבן ריכטיק

דער אָנהייב לימעד איז אן אלגעמיינער, דערנאָך גייט א טייל פאַר ליטוואַקעס, א טייל פאַר אוקראַינער.

1. אופזוכן די ווערטער מיט צי און צו. צי קומט בא א פראַגע. אופשטעלן פראַגעס מיט צי, אָנשרײַבן זיי.

2. עטלעכע פראַזעס, וואָס קענען פאַרשווערן:
עס פאַרדריסט מיך, וואָס זי לאַכט פון מיר.
קוקט זי מיר אין די אויגן און נעמט מיך אָן בא דער האַנט.
טאָמער טרעף איך דיך דאָ נאָכאַמאָל, וועל איך דיך אזוי אָגלערנען, אז דו וועסט האָבן צו געדענקען.

3. | וויאַזוי | דאָס איז א סימען, ווען צו שרײַבן „ווי" בא א פראגע, ווען מע קען עס פארבײַטן אף „וויאַזוי".
(אָבער ניט בא א פראגע טויג דער סימען ניט, צ. ב. „הויך ווי א מויער" ניט „הויך ווו א מויער").

## 15. סובסטאנטיוו

1. א קורצער דיקטאט אָדער די שילער זאָלן אופשרײַבן אויסווייניק א ליד, וואָס זיי קענען. ווען זיי סאָפּעקן זיך אין א וואָרט,—זאָלן זיי פרעגן. דערנאָך זעט דער לערער, צי ריכטיק אָנגעשריבן.

2. גראמאטישער אנאליז פונעם געדיכט לויט די פונקטן, וואָס מע האָט שוין געלערנט, צ. ב. „אָט זע איך זיי ווידער"—ווו איז דאָ א סוביעקט און אן אָביעקט? צי קאָן זײַן איך אן אָביעקט? ווי זשע? מאכט איבער די פראזע פארקערט: אָט זעען זיי (מיך) ווידער. צי קען זײַן זיי א סוביעקט? גיט א בײַשפּיל.

„די שוסטערס און באָנדערס"—וועלכע צאָל? (איינצאָל צי מערצאָל?). ווי איז איינצאָל? וואָס קומט צו אין מערצאָל? דאָס זײַנען מאנצבילן צי פרויען?

ווו איז אין דער צווייטער שורע א פּרעפּאָזיציע? שטעלט אוף עטלעכע פראזעס מיט דער פּרעפּאָזיציע.

„הענט"—וועלכע צאָל? ווי איז איינצאָל? וועלכער מין איז „א האנט"? ווען זאָגט מען „דער האנט"? (נאָך א פּרעפּאָזיציע).

„געסלעך"—וואָס איז דער כּילעק פון „גאסן"? ווי איז די איינצאָל צו „געסלעך" און צו „גאסן"? וועלכער מין איז „געסל" און „גאס"?

„זיי האָבן מיך אלע דערקענט"—ווו איז דאָ א סוביעקט און אן אָביעקט?
ווען דאָס זאָלן דערציילן צווי, ניט איינער, ווי וואָלטן זיי געזאָגט? (זיי האָבן אונדז אלע דערקענט).

„שנײַדער און שמידן"—ווי איז די איינצאָל? וואָס פאר א אויסיעס קומען צו אין מערצאָל? (ס, ן).

וויפל פּרעפּאָזיציעס איז אין דער צווייטער סטראָפע (אין די צווייטע 4 שורעס)? (מיט, פון, מיט, מיט).

וויפל סובסטאנטיוון איז אין דער דריטער סטראָפע? (פלייצעס, לאסט, וואנדערער, שטעטל, גאסט). אײַנטיילן זיי לויט צאָל און מין (פלייצעס — מערצאָל, לאסט — II מין, וואנדערער I מין, שטעטל — III, גאסט — I)

וועלכע נעמען פון ארבעטמענטשן ווערן דערמאָנט אין דער ליד? (שוסטערס, באָנדערס, שנײַדערס, שמידן).

וועלכע נעמען פון געצײַג ווערן דערמאָנט אין דער ליד? (האמערס, שערן, זעגן, העק).

א.א.וו.

אויב ס'בלײַבט צײַט, איז נוציק אזוי אנאליזירן די אויסגעפּילטע פּארגע-בונג 13.

## 16. טוונג, דרײַ פּערזאָנען

1. ווער דערציילט עס? (בערל). ווו איז אין דער ערשטער פּראזע א סוב-יעקט? זוכט אוף א וואָרט קומט. ווו איז דער סוביעקט בא קומט? (ימע).

אופזוכן די אלע פּראזעס, וואָס זײַנען איבערגעדרוקט נאָכן טעקסט, און באמערקן די ווערטער לייענט, לייען, לייענסט.

2. וועלכע פּערזאָן איז דו זעסט? ווו איז דער סוביעקט? די טוונג?
וועלכע פּערזאָן איז נעמט ער? ווו איז דער סוביעקט? די טוונג?
וועלכע פּערזאָן איז איך שפּרינג? ווי איז די צווייטע פּערזאָן?
וועלכע פּערזאָן איז זי לויפט? ווי איז די ערשטע פּערזאָן? אאוו.

3. בוי איך זיך א שיפעלע, אָדער: בוי איך מיר א שיפעלע.
לאָז איך זיך אין וועג ארײַן. אָדער: לאָז איך מיך אין וועג ארײַן א.א.וו.
ווינט, דו ווינט, מײַן שיפל טראָג.

## 17. דרײַ פּערזאָנען אין מערצאָל

1. לייגן אכט אף די סוביעקטן און די טוונגען.
וואָס ווערט מיטן באשטימוואָרט אין מערצאָל? וואָס מיטן אומבאשטים-וואָרט?

2. צו פויגל איז מערצאָל פויגלען אָדער פייגל.
ווו זײַנען דאָ סוביעקטן? וועלכע פּערזאָן און צאָל איז דאָס קינד? די קינדער?
א. א. וו.

3. שמועס וועגן די ווערטער ענדערן, ענדערונג (קעזיי צוגרייטן צום טערמין „ענדערונג").

4. באשטימען די צאָל און פּערזאָן פון די טוונגען פון פריִערדיקן טעקסט.
די פאָרמולע $2\times3=6$ באטײַט 3 פּערזאָנען צו 2 צאָלן יעדערע (אָדער פארקערט), צוזאמען 6. מע מעג זי פארפעלן.

## 18. נאָך וועגן ענדערונג פון א טוונג

1. „דו מאָל" דארף מען ניט אופנעמען אלס אימפּעראטיוו, נאָר אלס גרײַ-זיק אָנגעשריבענע קעגנוואַרט-פאָרמע (דו מאָלסט).
וועלכע אויסיעס קומען-צו צום סאָף וואָרט אין II פּערזאָן איינצאָל? אין III פּערזאָן איינצאָל? אין I פּערזאָן מערצאָל? אין III פּערזאָן מערצאָל? אין II פּערזאָן מערצאָל?

2. אין וועלכע פּערזאָנען שיידט זיך אונטער קומען פון לויפן? (ערשטע און דריטע פּערזאָן מערצאָל).

3. ווי רעדט זיך ארויס ע ר פ ר ע ג ט? (פרעקט)—אָבער מע שרײַבט מיט א גימל, ווי א י ך פ ר ע ג.

4. וועלכע ווערטער פון דער ענדערונג ז י נ ק ע ן און ז י נ ג ע ן ריידן זיך ארויס אלציינס? (זינקסט, זינקט, זינגסט, זינגט)— אָבער מע שרײַבט די גאנצע ענדערונג פון ז י נ ג ע ן מיט א גימל (ג), אפילו יענע ווערטער, ווו מע רעדט ארויס מיט א קוף (ק).

אויב די פאָרמולירונג פון „הײַנט האָבן מיר געלערנט" וועט ניט באפרידיקן די שילער דערמיט, וואָס דאָ איז געגעבן נאָר א בײַשפּיל („פרעגט"), ניט קיין קלאל, און אויב דער צושטאנד פונעם קלאס דערלאָזט, קען דער לערער צוזא-מען מיט די שילער אויסארבעטן א קלאל און פארשרײַבן. (צ. ב.: „אויב אין דער ערשטער פערזאָן איינצאָל איז א ג, שרײַבט זיך אין דער גאנצער ענדע-רונג פון דער טוונג א ג").

## 19. נאָך וועגן ענדערונג פון טוונג

1. זען, צי איז די פארגעבונג 18 אויסגעפילט ריכטיק.

ווי דארף מען שרײַבן: ער וויגט? (מיט א גימל), פיקט (מיט א קוף), זי פרווט? ווי דארף מען שרײַבן: ער וועבט, ער שלעפט? ווי דערקענט איר עס? (ווײַל איך וועב...) ווי דארף מען שרייבן: דו שלאָפסט? דו האָפסט? איר זינגט? און איר פיקט? און איר וויגט?

2. ענדערן די טוונגען: זינגען, קלינגען, שפרינגען, טרינקען, טונקען, בויען, פארטרויען. (דער לערער לייגט אכט, צי זאָגט ניט עמעצער: זינקן, טרינקן... אויב יע, ווײַזט ער אָן, אז אייניקע זאָגן אזוי, אָבער שרײַבן דארף מען מיט אן ע). ענדערן די טוונגען: געבן, גיסן, זאָגן, ריידן. וועלכע פערזאָן איז ד ו ג י ס ט? ווי איז די ערשטע? ווי נאָך? וואָס קען הייסן דו „גיסט טיי"?

## 20. צײַטוואָרט, דרײַ צײַטן

1. דערמאָנען איצטיקע, פריִערדיקע, שפּעטערדיקע טוונג.

אין וואָס איז דער כילעק פון מ י ר ה אָ ב ן ג ע ל ע ר נ ט ב י ז מ י ר ל ע ר נ ע ן, ב י ז מ י ר ו ו ע ל ן ל ע ר נ ע ן? (אָנווײַזן, אז דער כילעק איז אין דער צײַט).

2. זוכט דאָ אויף א פריִערדיקע צײַט, צוויי שפּעטערדיקע צײַטן („האָט איר ווידער גרינע געסט" איז, פארשטייט זיך, ניט קיין שפּעטערדיקע צײַט).

„האָסטו צוגעדעקט" — וועלכע צאָל און פערזאָן? ווי איז דיזעלביקע צאָל און פערזאָן אין שפּעטערדיקער צײַט?

„איך וועל היטן די גרעזעלעך" — איבערמאכן אין איצטיקער צײַט, פריִער-דיקער צײַט.

„ס'וועט דער פרילינג קומען"—איבערמאכן אין איצטיקער צײַט, אין פריִער-דיקער צײַט.

3. איך גיי — ווי איז די פריִערדיקע צײַט? שוין ניט איך האָב געגאנגען, נאָר איך בין געגאנגען.

פאראיאָרן האָבן מיר שוין געלערנט, בא וועלכע טוונגען מע דארף אין דער פריִערדיקער צײַט זאָגן „איך בין", ניט „איך האָב". אָט זײַנען זיי (אין טעקסט). (געוואונטשן אופשרײַבן זיי אף א טאבעלע און אויסהענגען אין קלאס).

4. די ארבעט איבער „זאוועדוכע" קען אויסגעפילט ווערן אזוי:

| איצטיקע צײַט | פריִערדיקע צײַט |
| --- | --- |
| ס'ווייט און ווייט | איז פארלאָפן |
| פאלט אום | האָט צעקרײַזט |
| איז | ס'האָט צעשפילט זיך |
| דו גייסט | |
| עס דרייט | |
| עס שיט | |
| ס'קאָן | |
| דרייט | |
| הייבט | |

די שילער מעגן אָנשטאָט „פאלט אום" שרײַבן „פאלט נישט אום", אָנשט. „איז" — „איז ניט דרייסט", אָנשט. „ס'קאָן" — „ס'קאָן פארבלאָנדזשען".
„ווײַס פארשנייט" איז ניט קיין טוונג; „צו שפרײַזן" איז א טוונג, אָבער ניט איצטיקע און ניט פריִערדיקע צײַט (דאָסזעלביקע „פארבלאָנדזשען").

5. ער וועט עס טאקע זען? (ניין, ער וועט שטארבן פריִער ווי דער ראָב). וועלכע שפּעטערדיקע צײַטן זײַנען דערמאָנט אין דעם שמועס (פונעם לערער מיט די שילער)?

6. היינט האָבן מיר געלערנט, אז א צײַטוואָרט קען זײַן איצטיקע צײַט, פריִערדיקע צײַט און שפּעטערדיקע צײַט

## 21. נאָך וועגן צײַטוואָרט

1. אופשטעלן א פראזע מיט א שפּעטערדיקע צײַט. ענדערן די שפּעטערדיקע צײַט אין פערזאָנען און צאָלן. וועלכער וואָרט ענדערט זיך, וועלכער בלײַבט ניט געענדערט? און בא פריִערדיקער צײַט?

*2. וועלכע צאָל און פערזאָן איז: איך זינג? איך האָב געזונגען? איך וועל זינגען? וואָס איז דער אונטערשייד?

דאָס איז אלץ איין צײַטוואָרט — זינגען.

וואָס איז פאר א צײַטוואָרט: איך לויף, דו לויפסט, ער לויפט? (לויפן). און: איך וועל לויפן, דו וועסט לויפן, ער וועט לויפן? (דערזעלביקער — לויפן).

נאָך אזעלכע פראגעס.

ענדערט דעם צײַטוואָרט זאָגן אין איצטיקער צײַט, אין פריִערדיקער צײַט.

ענדערט דעם צײַטוואָרט שלאָפן אין שפּעטערדיקער צײַט, אין איצטי־קער צײַט.

ענדערט דעם צײַטוואָרט געדענקען אין אלע דרײַ צײַטן.

3. ווי קען מען זאָגן אָנשטאָט כ׳העפט? (איך העפט) אנשט. כ׳שטריק? כ׳שלעפּ? כ׳גיי?

פון וועלכע אויסעס באשטייט „איך"? וועלכע אויסיעס פאלן אָפּ, ווען מע זאָגט: כ׳שלעפּ, כ׳גיי?

4. לייגן אכט אף די ווערטער כ׳האָב.

5. אָנשטאָט איך וועל נעמען קען מען זאָגן איכ׳ל נעמען. פון וועלכע אויסעס באשטייט וועל? וועלכע אויסעס פאלן דאָ אָפּ? מע טאָר אָבער ניט זאָגן: איכ׳ל געגומען.

כוץ די אָנגעוויזענע קירצונגען קומען נאָך פאָר אנדערע: כאל נעמען, זיי׳על נעמען. בא היינטיקן צושטאנד פון יידישער גראמאטיק איז שווער געבן א קריטערי, וועלכע קירצונגען רעכענען פאר געזעצלעך. דעריבער דארף דאָ דער לערער וואָס ווייניקער פארווערן.

בא „מע וועט נעמען" קען דער לערער אופמערקזאם מאכן אפן כילעק מע — מען. מע וועט — וועט מען, מע קומט — קומט מען א. א. וו. (איבעריקס, אנדערע זאָגן: מען וועט, מען קומט).

| | |
|---|---|
| היינט האָבן מיר געלערנט, אז אָנשטאָט איך האָב קען מען שרײַבן כ׳האָב, אָנשטאָט איך וועל — כ׳וועל, אָנשטאָט דו וועסט — דו׳סט און אזוי ווײַטער. | 6. |

## 22. נאָך וועגן צײַטן

1. אופזוכן די צײַטווערטער. וועלכע צײַטן זיינען זיי? (קום — איצטיקע צײַט). וועגן ווען דערציילט זיך דאָס? (וועגן נעכטן).

אופשטעלן נאָך בײַשפּילן, אז וועגן א פריִערדיקער טוונג זאָל מען דערציילן מיט אן איצטיקער צײַט.

2. וועלכע צײַט איז קומט? הענגען? וועגן ווען ווערט עס געזאָגט?

אופשטעלן נאָך בײַשפּילן, אז וועגן א שפּעטערדיקע טוונג זאָל מען זאָגן מיט אן איצטיקער צײַט (דערמאָנען פון לימעד 20: און אז ס׳וועט דער פרי־לינג קומען, האָט איר ווידער...).

3. וועגן ווען דערציילט זיך עס — וועגן איצט, צי וועגן פריִער? וועלכע צײַטן ווערן דאָ דערמאָנט?

4. וועגן וועמען דערציילט זיך? מע קען זאָגן: אַמאָל איז מײַן ברודער אָפּט פאַרפאַלן געוואָרן? (אויב די קינדער האַלטן, אַז יע, פרעגט דער לערער, ווי איז בעסער צו זאָגן). אופשטעלן פראַזעס מיט פלעג. ענדערן: איך פלעג ארויסלויפן, דו פלעגסט ארויסלויפן...

אכטונג געבן, די קינדער זאָלן ניט זאָגן „וואָלט" אָנשטאָט „פלעג".

5. פאַרבײַטן די פילמאָליקע טוונגען אַף פּריִערדיקע.

... וואָס האָבן אָפּט זיך אָנגעצונדן א. א. וו. — ווערט בעסער צי ערגער?

*6. לייגן אכט אַף דער פילמאָליקער טוונג.

7. היינט האָבן מיר געלערנט, ערשטנס, אַז אַן איצטיקע צײַט קען אַמאָל באַטײַטן אַ פּריִערדיקע אָדער אַ שפּעטערדיקע טוונג, צווייטנס, פילמאָליקע טוונג מיט „פלעג".

## 23. וואָלט

1. פאַרוואָס איז עליע ניט געגאַנגען רייניקן דעם שניי? וואָס האָט ער געזאָגט דערבײַ?

2. פײַוולס עלטערזיידע איז טאַקע עלטער פון הונדערט יאָר? פאַרוואָס? (ווײַל ער לעבט שוין ניט).

3. וואָס איז דער כילעק פון האָט געקויפט ביז וואָלט געקויפט? (וואָלט געקויפט הייסט, אַז ער האָט ניט געקויפט, נאָר געקענט קויפן).

4. אופשטעלן פראַזעס מיט וואָלט. וועלכע צײַט באַטײַט וואָלט? (אַלע צײַטן).

5. וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען דו פאַרבלאָנדזשעסט אין וואַלד? א. ד. ג. די קינדער שטעלן איינער דעם אנדערן אַזעלכע פראַגעס און מע ענטפערט.

ווען זאָגט מען וואָלט און ווען פלעג? (אופשטעלן פראַזעס).

6. וואָס וואָלט געטאָן דער פויער, ווען ער וואָלט געכאַפּט דעם האָז? א. א. וו. (אַלע פראַגעס מיט וואָלט).

7. היינט האָבן מיר געלערנט צײַטווערטער מיט „וואָלט"

## 24. עטלעכע שווערערע צײַטווערטער

1. ענדערן דעם צײַטוואָרט זיצן אין איצטיקער צײַט. ווי איז די צווייטע פּערזאָן איינצאָל? ווי דאַרף מען שרײַבן? (אין דער צווייטער פּערזאָן קומט

צו סט). דאָס אייגענע וואשן. ענדערן באָדן. ווי איז דריטע פּערזאָן איינ־צאָל? ווי דאַרף מען שרײַבן? (דעם דאַלעד ניט פאַרפעלן).

2. ענדערן די טווּנג רײדן. ווי שרײַבט זיך די דריטע פּערזאָן איינצאָל? די צווייטע פּערזאָן איינצאָל?

אַנדערע זאָגן: איך רייד, אַנדערע: איך רעד. מע מעג זאָגן אי אַזוי, אי אַזוי.

3. ווי איז די צווייטע פּערזאָן צו איך שפּײַ? איך שפּײַז? ווי שרײַבט זיך? די צווייטע פּערזאָן צו איך ווײַז? איך ווײַס? ווי שרײַבט זיך?

## 25. סכעמעס פון פראַזעס

1. באַקאַנען מיטן באַגריף סכעמע. וואָסערע סכעמעס ווייסן די שילער? (פון שוללעבן אדג.)? צו א פראַזע קען מען אויך אופשטעלן א סכעמע.

2. אויבן רעכטס שרײַבן דעם סוביעקט, אויבן לינקס—דעם צײַטוואָרט. ווהין ציט דער אָביעקט — צום סוביעקט צי צום צײַטוואָרט? „ביילקע מא־שען" צי „זוכט מאשען"? שרײַבן מיר אים אונטערן צײַטוואָרט.

3. אופשטעלן סכעמעס נאָך צו אַזעלכע פראַזעס (ווּעלוול שלאָגט מאָטלען, דער טאַטע רופט סימען א. ד. ג.).

ביילקע האָט געזוכט מאשען. דער צײַטוואָרט באַשטייט פון צוויי ווערטער, שרײַבן מיר ביידע: האָט געזוכט.

4. וואָס איז דער כילעק צווישן די צוויי פראַזעס? און אין די סכעמעס?

5. ווו שרײַבן דעם סוביעקט און צײַטוואָרט ווייסט איר שוין. ווו שרײַבן „אין פעלד"—„א פויער אין פעלד" צי „געגאַנגען אין פעלד"? די סכעמע איז:

א פויער————איז געגאַנגען
|
אין פעלד

## 26.וועגן שרײַבן ריכטיק

1. וועלכע פּערזאָן און צאָל איז איך גראָב? ווי איז די דריטע פּער־זאָן איינצאָל? פון וועלכע אויסיעס באַשטייט גראָבט? (אויב די קינדער ווייסן ניט די נעמען פון די אויסיעס, שיקט זיי דער לערער אָפּ צום אַלעפבייז אין סאָף בוך).

ווי איז די דריטע פּערזאָן איינצאָל צום וואָרט זינגען? פון וועלכע אויסיעס באַשטייט זי? א. ד. ג.

פון וועלכע אויסיעס באַשטייט הענגען? דערלאַנגען? דערלאַנגט? א. א. וו.

### 27. צײַטוואָרט (איבערכאַזערונג)

1. דערמאָנען, וועלכע צײַטן איז דאָ בא א צײַטוואָרט.

אַכוצדעם פאַראַן נאָך פילמאָליקער צײַטוואָרט (פלעג) און צײַטוואָרט מיט וואָלט. אַמאָל רעדט מען וועגן א פריִערדיקער טווּנג און מע באַנוצט איצטיקע

צייַט. דערמאָנען פערזאָנען און צאָלן. דערמאָנען פּאַרקירצטע ווערטער: כ׳וואָלט, אָנשטאָט איך וואָלט א. ד. ג.

יעדערער שרייַבט עפּעס אָן (א דערציילונג א. ד. ג.), אז דאָרטן זאָל פֿאָר-קומען איינע פון די 8 דערשייַנונגען, וואָס זייַנען אויסגערעכנט אין טעקסט.

2. מע לייענט פאָר, וואָס מע האָט אָנגעשריבן, און מע באהאנדלט, צי איז עס פּאַסיק פאַר דער אָדער יענער דערשייַנונג פון צייַטוואָרט.

יעדערער קלייַבט אויס א צייַטוואָרט און שרייַבט אָן אן ענדערונג אין 30 קעסטעלעך לויט דער ווייַטערדיקער סכעמע.

*3. ווו זייַנען די סוביעקטן אין די רעכטע 6 פראזעס? די אָביעקטן? דער צייַטוואָרט איז אומעטום אלציינס צי ניין? אָן וואָס ווענדט זיך די פּערזאָן און צאָל פון צייַטוואָרט—אָן סוביעקט צי אָן אָביעקט? אופשטעלן ענלעכע בייַשפּילן (ניט נאָר מיט איצטיקער צייַט).

## 28. וועגן באַטייַט פון ווערטער

1. פאַרוואָס האָט ער געהייסן צומאכן די טיר? אז די יויך לויפט, קאָן זי אנטלויפן?

„דאָס ייִנגל לויפט" און „די יויך לויפט" — איז אלציינס?

ווי קען מען זאָגן אנדערש אָנשטאָט „דאָס ייִנגל לויפט" (פליט, טראָגט זיך, שטעלט פיס). און אָנשטאָט „די יויך לויפט"? (לויפט אויס, זידט אויס).

2. וואָס באַטייַט פאַרבייַסן?

3. וואָס איז דער כילעק פונעם ערשטן „פאַרבייַסן" ביזן צווייטן „פאַר-בייַסט"?

4. ער צעבראָכט דעם בייגל, איידער ער עסט אים אויף.

5. וועלכע צייַטווערטער האָט איר דאָ געזען מיט צווייערליי באַטייַטן? (לויפן, פאַרבייַסן, ברעכן, שטעכן). דערמאָנט זיך נאָך אזוינע. מע זאָגט, „גע-עפנט די טיר" און „געעפנט א מויל"—איז עס דיזעלביקע טוונג? (א טיר און א מויל עפנט מען אלציינס?) וואָס נאָך קען מען עפענען? (א קאסטן, א פלאש, א פארזאמלונג, א בריוו...). וואָס קען לויפן? (א זייגער, א באן, די צייַט...). וואָס קען ברענען? (א פייַער, א פראָסט, א מענטש פאַר קאַעס...).

6. פאַנענדערקלייַבן די צייַטווערטער מיט צווייערלייִקע באַטייַטן.

7. פאַנאנדערקלייַבן די צייַטווערטער לויפן, יאָגן, פייַפט, ברומט.

8. וואָס באַטייַט „ליידיק"? (ס׳איז ניט קיין צייַטוואָרט — א סימען. סימאָ-נים קענען אויך האָבן צווייערליי באַטייַטן).

## 29. נאָך וועגן באַטייַט פון ווערטער

1. ווער קען פליִען? וואָס מויערט מען? פאַרוואָס לייגט זיך דער שניי „ווי א האר" און שטייט אויף „ווי א נאר"?

2. שטעלט-אויף פראזעס מיטן וואָרט „שלאָגן" מיט פאַרשיידענע באַטייַטן.

3. רעטעניש: ווען נייט א שנײַדער אומזיסט? (ווען ער פארגעסט מאכן א קניפּל). פארשיידענע באטײַטן פון „אומזיסט".

4. אף א גאנצן דאך דארף מען גאָרנישט. פארשיידענע באטײַטן פון „גאנצן".

5. פארשיידענע באטייטן פון „אלט, הויך". אז מע וועט ארופקריכן אפן טיש, וועט מען לייענען העכער? צוטראכטן נאָך ווערטער מיט פארשיידענע באטײַטן. וואָס איז פארקערט פון הויך? (שטיל—נידעריק). פון אלט? (יונג—נײַ).

די פארקערטע באטײַטן, וואָס מע דארף צושרײַבן:

| | |
|---|---|
| אלט — יונג, נײַ | אומעטיק — פריילעך, לוסטיק |
| קאלט—ווארעם, הייס | אומגעזונט — געזונט |
| הויך—נידעריק, שטיל | ליכטיק — פינצטער |
| גיך — פּאמעלעך, לאנגזאם | זעלטן — אָפט. |
| טרוקן — נאס, פײַכט | |

„סאָרקע זינגט זעלטן שיין" איז צווייד‍ײַטיק: זי זינגט זייער שיין—זעלטן זינגט זי שיין.

| | |
|---|---|
| 6. אָפט — זעלטן | נייטיק—איבעריק, ניט נייטיק |
| ברייט — שמאָל | פריילעך—אומעטיק |
| דאר — דיק | קארג—מילד |
| הייס — קאלט | שטארק—שוואך, שלאף |
| העל — טונקל | טונקל — העל |
| ווארעם — קאלט | שטיל—הויך, טומלדיק |

## 30. זאץ. קאָמע צווישן זאצן

1. וויפל פּראזעס איז דאָ? ווו איז די ערשטע? ווו איז סוביעקט, צײַטוואָרט, אָביעקט? אופשטעלן א סכעמע.

ווו איז די צווייטע פּראזע? וואָס איז די שוועסטער? (סוביעקט). מענטשעלעך? (אָביעקט). שפּילט? (צײַטוואָרט). אופשטעלן א סכעמע.

אזוי מיט דער דריטער און פערטער.

2. פארגלײַכן מיטן פריִערדיקן טעקסט. וויפל פּראזעס איז דאָ? (דרײַ). פארוואָס? (די ערשטע צוויי פּראזעס פון פריִערדיקן טעקסט זײַנען דאָ געוואָרן איין פּראזע, ווײַל אָנשטאָט א פּונקט שטייט א קאָמע).

אופשטעלן א סכעמע צו דער ערשטער פּראזע (ס'וועט ארויסקומען צוויי סכעמעס).

3. פון צוויי פּראזעס געמאכט איין פּראזע (דורכדעם, וואָס פארביטן דעם פּונקט אף א קאָמע), אָבער סכעמעס איז געבליבן צוויי. אין דער איין פּראזע איז צוויי זאצן. פארגלײַכן, ווי לייענט זיך א פּונקט און א קאָמע.

4. פארגלײַכן מיטן ערשטן טעקסט און מיטן צווייטן, וואָס האָט זיך געביטן? וויפל פראזעס? (איינע). וויפל סכעמעס וועט זײַן? (דרײַ). פון וויפל זאצן באשטייט די איין פראזע? וויפל קאָמעס איז דאָ? פארוואָס?

5. פארגלײַכן. וויפל פראזעס רעכטס? (צוויי). לינקס? (אויך צוויי). פון וויפ׳ זאצן באשטייט די ערשטע פראזע רעכטס? די צווייטע? די ערשטע פראז׳ לינקס? די צווייטע? וויפל סכעמעס ארום און ארום רעכטס? (דרײַ). לינקס? (אויך דרײַ).

6. וויפל פראזעס? וויפל זאצן? פּרוּווט מאכן פון יעדן זאץ א באזונדער פראזע. מע קען? (ניין, ווײַל דער ערשטער זאץ אָן דעם צווייטן איז ניט פארשטאנדיק).

אופזוכן דעם טעקסט פון לימעד 1. לייענען, אָנהייבנדיק פון „פיניע הייסט קלעצל" ביז „ווײַל ער קען ניט ריידן". לייגן אכט אף דער אינטאָנאציע פון קאָמע און פונקט.

* 7. פארגלײַכן. וועלכער אופן געפעלט בעסער? אופזוכן אין לימעד 25 די רעטעניש: „אינדערלופט פליט עס". וויפל פראזעס איז דאָ? וויפל זאצן? וויפל קאָמעס? פּרוּוון פארבײַטן די קאָמעס אף פונקטן — ווערט בעסער צי ערגער?

8. וויפל פראזעס? וויפל זאצן אין דער ערשטער? צווייטער? פּרוּוון פארבײַטן די קאָמעס אף פונקטן אָדער פארקערט — דעם ערשטן פונקט אף א קאָמע — ווערט בעסער צי ערגער?

„עסט ניט שעמט זיך" מיינט די באלעבאָסטע: „עסט, ניט שעמט זיך"; אָבער מע קען מיינען פארקערט: „עסט ניט, שעמט זיך".

## 31. ווי מע דערציילט וועגן עמעצנס רייד

1. טעקסט פון לימעד 14. ווער רעדט דאָס? ווו זײַנען קיוועס ווערטער? הערשלס ווערטער? זיי הייבן זיך אָן פון א נײַער שורע. פריִער שטייט א טירע (—) און אין סאָף פריִערדיקער שורע א צווייפונקט (:). דאָס זעלביקע מיטן טעקסט פון לימעד 2 (ווען באָרעך איז געקומען...).

2. פארגלײַכן מיטן טעקסט פון לימעד 2. וואָס איז דער כילעק? (דאָ שטייט ניט, ווער עס רעדט). פארוואָס איז דאָ ניטאָ קיין צווייפונקטן? (ווײַל עס שטייט ניט, ווער עס רעדט).

3. ווער רעדט דאָס? (ווער, ווייס מען ניט, אָבער צוויייען). ווו זײַנע דעם ערשטנס ווערטער? דעם צווייטנס? קיין צווייפונקטן זײַנען ניטאָ, ווײַ ס'שטייט ניט, ווער עס רעדט, נאָר נײַע שורעס און טירעען.

4. פארגלײַכן מיטן טעקסט 14. דאָרטן איז נײַע שורעס, דאָ ניט, דערפא זײַנען דאָ פיסלעך (לאפּקעס).

5. לייענען דעם ווײַטערדיקן טעקסט, און אז ס'וועט קומען צום דיִאלאָג, פאנאנדערקלײַבן, ווער וואָס זאָגט.

שליסל צום דיִאלאָג.

עליע: וואָס האָט איר זיך אזוי דערשראָקן?

מוישע: וואָס איז בא דיר פאר א פלעשער?

עליע: וואָס זאָל זײַן? ווײַן!

מוישע: וואָסער ווײַן? ס׳איז דאָך טינט!

עליע: וואָס זשע פרעגט איר?

מוישע: וואָס וועסטו טאָן מיט אזויפיל טינט?

עליע: טרינקען!

מוישע: ניין איך מיין אָן קאטאָוועס, וועסט פארקויפן לאאכאָדים אויך?

עליע: וואָס בין איך א מעשוגענער? אז פארקויפן, וועל איך פארקויפן 10 פלעשער, 20 פלעשער, 50 פלעשער. דאָס ווערט אָנגערופן הורט.

---

הײַנט האָבן מיר געלערנט, ווי מע דערציילט וועגן עמעצנס רייד. פאר יענעמס רייד שטעלט מען א צווייפונקט, דערנאָך—אָדער פיסלעך, אָדער א טירע.

---

## 32. באפעל

1. וויפל פראזעס? סכעמאטיזירן די ערשטע. אין דער צווייטער איז קיין סוביעקט ניטאָ. דער צײַטוואָרט—ל יי ע ן. וואָס איז דער כילעק פון ל יי ע נ ס ט ביז ל יי ע ן? ל יי ע ן הייסט באפעל.

2. וויפל פראזעס? וואָסערע צייכנס אין סאָף? ווו איז אין דער ערשטער פראזע סוביעקט, צײַטוואָרט? וועלכע צײַט, פערזאָן, צאָל? אין דער צווייטער איז דער צײַטוואָרט א באפעל—ל יי ע נ ט. וואָס איז דער כילעק פונעם ערשטן ל יי ע נ ט ביזן צווייטן? וואָס איז דער כילעק פונעם באפעל ל יי ע ן ביזן באפעל ל יי ע נ ט? („לייען״ זאָגט מען צו איינעם, „לייענט״ צו מער ווי איינעם)

3. „באפעלן״ איז דער טײַטש ה יי ס ן. אז מע הייסט (באפעלט) עמעצן גיין, זאָגט מען: גיי! דאָס איז א באפעל.

4. ווער רעדט? (יאנקל און נאָך איינער). ווו זײַנען יענעמס רייד? ווו זײַנען דאָ באפעלן? ס׳איז איינצאָל צי מערצאָל?

* 5. ווו זײַנען דאָ באפעלן? וואָס באטײַט דער ערשטער? (א באקאָשע) דער צווייטער (א דערלויבעניש). פארגלײַכן די אינטאָנאציעס פון ביידע פראזעס מיט באפעלן.

6. ווו זײַנען דאָ באפעלן? וואָס באטײַטן זיי? (באקאָשע). פארגלײַכן די אינטאָנאציעס (פארגלײַכן מיט די פריִערדיקע אויך).

* זיך דערמאָנען לידער מיט באַפעלן (שטייט אויף, איר אלע..; דעם העלן טאָג אנטקעגן, כאַווײרים קומט אין שטרײַט!, א. א.).

| הײַנט האָבן מיר געלערנט באַפעל אײַנצאָל און מערצאָל. |
|---|

## 33. ווענדונג און אַרויסרוף

1. ווי הייסט דער ברודער? פונוואנען ווייסט איר? ווען די מאַמע ווענדט זיך צו כײַעמען, רופט זי אים אָן באַם נאָמען, און ווי ווענדט זיך כײַעם צו דער מאַמען? (מיט דעם וואָרט „מאַמע"). און צו דער שוועסטער? (באַם נאָמען — עטעלע).

אז מע ווענדט זיך צו עמעצן און מע רופט אים דערבײַ אָן, צי באַם נאָמען (כײַעם, עטעלע), צי ניט באַם נאָמען (מאַמע), הייסט עס — ווענדונג.

2. געפינען אין לימעד 32 דעם שמועס צווישן מענדלען מיט דער מאַמען. ווו זײַנען דאָ ווענדונגען? ווו זײַנען קאָמעס בא די ווענדונגען? ווו זײַנען ווענדונגען אין דער פראזע: קינדער, איך וועל אײַך דערציילן א מײַסע מיט א מעסערל (דער לערער לייענט פאָר נאָך עטלעכע פראזעס).

3. ווו איז דאָ א ווענדונג? לייגן אכט אף די קאָמעס. אין וועלכער פראזע איז מערער קאָמעס? פארוואָס? שטעלט-אוף א פראזע מיט א באַפעל, און מיט א ווענדונג אין אָנהייב (פייגל, דערלאנג מיר דעם טינטער), מיט א פראזע, און מיט א ווענדונג אין סאָף (ווו איז דער טינטער, פייגל?).

4. ווו איז דאָ א ווענדונג? לייגט אכט אף די אויסגעטיילטע ווערטער. דאָס זײַנען אויסרופן. בא אן אויסרוף שטעלט מען א קאָמע, ווי בא א ווענדונג.

5. ווו איז דאָ אן אויסרוף? א ווענדונג? וויפל קאָמעס איז דאָ? פאַרוואָס? וואָסער צייכן שטייט אין סאָף פראזע? געפינט אויסרופצייכנס אין דער פריִערדיקער ליד.

*6. (דערמאָנען די מײַסע פון לימעד 14). אָנשרײַבן אפן טאָוול, און אָנשרײַבן דאָס אייגנס מיט א קאָמע נאָך אָ ה אָ. ווי לייענט זיך בעסער?

## 34. צווייפונקט

1. ווען שרײַבט מען א צווייפונקט? (ווען מע דערציילט יענעמס רייד). בײַשפּילן. איצט וועלן מיר לערנען נאָך וועגן צווייפונקט, אָבער גאָר אן אנדער סאָרט.

2. לייגן אכט אפן צווייפונקט, אף דער אינאָטאציע. פרוון ארײַנשטעלן נאָכן צווייפונקט ווײַל אָדער וואָרעם.

3. לייגן אכט אף דער אינטאנאציע. וואָס פאר א וואָרט קען מען ארײַנ־שטעלן? וואָס פאר א צייכן וועט שוין זײַן אָנשטאָטן צווייפונקט?

4. איבערמאכן, ארויסווארפן „ווײַל״ (אָנשטאָט דער קאָמע וועט שוין זײַן א צווייפונקט).

5. דאָס אייגענע.

## 35. אלערליי צייכנס

1. וועלכע צייכנס שטעלן זיך אין סאָף פראזע? אין מיטן פראזע? (דער־מאָנען מיט בײַשפילן). פאראן נאָך צייכנס: טירע, קלאמערן א. א. מיר האָבן זיי ניט געלערנט, אָבער באם לייענען זײַנען זיי פאָרגעקומען (אופזוכן אין כרעסטאָמאטיע בײַשפילן).

2. צו וואָס דארף מען די צייכנס? (אויב די קינדער קענען ניט ענטפערן—אָפלייגן).

3. צעשטעלן אָפשטעלצייכנס (פרג. לימעד 2).

4 לייגן אכט אף די קאָמעס. באמערקן, ווו הערט זיך א קאָמע, כאָטש זי שרײַבט זיך ניט (נאָך „געוויסן, גרויסן״, נאָך „איניינעם מיט איר״, נאָך „אף די וועגט אָפגעשײַנט״, עפשער אויך נאָך „זי נישט מיר״, נאָך „שטיל זיך אָנ־געקוקט״, נאָך „אפן פריפעטשיק אָנגעלייגט״ און עפשער אויך נאָך אנדערע).

לייגן אכט אף די ווערטער מיט אקצענטן. לייגן אכט אף די נײַע שורעס בא „אינדרויסן״, און בא „זײַנען מיר״.

5. ווו זײַנען דאָ ווערטער מיט אקצענטן? ווו לייענען זיך דאָ קאָמעס, וואָס שרײַבן זיך ניט? (נאָך „האָלץ, שטוב״).

6. שליסל צו דער היימישער ארבעט:

פעסיע האָט זיך צוגעטשעפעט צו דער מאמען, איך זאָל דערווײַלע זײַן בא איר, בא פעסיען. „וואָס וועט אײַך ארן?״ האָט זי געטײַנעט, „עס גייען בא מיר צום טיש צוועלף, וועט ער זײַן א דרײַצנטער״. מײַן ברודער עליע זאָגט: „מאכטייסע, אבי ער זאָל ניט זײַן קיין שייגעץ״. און עס בלײַבט, אז איך וועל זײַן דערווײַל בא אונדזער שכיינע פעסיע, נאָר ביטנײַ, איך זאָל ניט זײַן קיין שייגעץ. אלצדינג הייסט בא זיי א שייגעץ! אָנהענגען דער קאַץ א פאַ־פיר אפן עק, זי זאָל זיך דרייען, הייסט בא זיי א שייגעץ! קלאפן מיט א שטעקל איבער די גראטעס פון גאלעכס הויף, אַלע הינט זאָלן זיך צונויפלויפן, הייסט בא זיי א שייגעץ! אָפּשטעקן באַ לייבקע דעם וואסערפירער דעם צאפן פון דער פאס, ס׳זאָל אויסלויפן העכער האלב וואסער, הייסט בא זיי א שײַ־געץ! „דײַן גליק, וואָס דו ביסט א יאָסעם״, זאָגט צו מיר לייבקע דער וואַ־סערפירער, „אניט וואָלט איך דיר איבערגעבראָכן א האנט מיט א פוס״.

## 36. ווען שרײַבן ריכטיק

1. איבערכאזערן די נעמען פון די אויסיעס. פון וועלכע אויסעס באשטייט וואלדשטיבעלע? קאנעצל? אויזון? ס׳וועט צעגיין? פארוואָס שרײַבט מען נאָכן ס א שטריכל? (ווײַל פארקירצט פון „עס וועט״).

2. פארוואָס שרײַבט מען פ. ס. ס. ר.? וואָס באַטײַט פ? דער ערשטער סאמעך? דער צווייטער סאמעך? ר.?

3. אָנשרײַבן אפן טאָוול: העניע, יענע, ביבליאָטעק, אלע, עליע...
לייגן אכט, ווו שרײַבט זיך א יוד און ווו ניט.
פארגלײַכן דעם אויסלייג העניע—יענע
מאניע—מײַנע
פאניע—פײַנע
גרוניע—גרינע
ווען שרײַבט מען צו און ווען צ׳י? (דערמאָנען). בײַשפּילן.

4. היימישע ארבעט—אינדיווידועל, לויט יעדערנס אָרטאָגראפישע גרײַזן.

## 37. וועגן ביכער

1. ווי הייסט דער בוך, וואָס מיר לערנען? ווי הייסט זײַן אווטאָר? ווו איז עס אָנגעשריבן? וואָס נאָך איז אָנגעשריבן אפן שארבלאט? (דער אָרט און יאָר פון דרוק). וויפל זײַטלעך איז אין בוך? ווי ווייס מען דאָס? (אף יעדן זײַטל שטייט א נומער).

וועלכע נאָך ביכער לערנט איר? זוכט אוף אף די שארבלעטלעך זייערע נעמען, די נעמען פון די אווטאָרן, דעם אָרט און יאָר פון דרוק.

פון הײַנט אָן פארשרײַבט אלע ביכער, וואָס איר לייענט. מאכט אזא סכעמע. (ז. אין טעקסט).

2. וואָס פאר א ביכל האָט איר געלייענט די צײַט? זאָגט, ווי וועט איר פארשרײַבן אין דער טאבעלע?

פארגלײַכן דעם בוי פון „שפראך״ מיט אן אנדער בוך. דאָ—קאפיטלען און פארגעבונגען, יעדערער מיט א נומער און מיט א נאָמען, דאָרטן דערציילונגען אדג. אין איין דערציילונג קען זײַן עטלעכע נײַע שורעס.

וועגן אינהאלט-רעגיסטער, גענישונגען (מיט „שפראך״ און אנדערע ביכער)—אופזוכן עפעס לויטן אינהאלט-רעגיסטער.

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר געלערנט וועגן ביכער און ווי פארשרײַבן געלייענטע ביכער. |

## 38. סובסטאנטיוון מיט -ערײַ, -עניש

1. לייגן אכט אף די ווערטער מיט -ערײַ. טראכט-צו אזעלכע פאָרלעך: לערער—לערערײַ א.א.

2. וואָס איז צוויטשערײַ? (אז פייגל צוויטשערן א לאנגע צײַט). טראכט-צו נאָך אזעלכע ווערטער.

3. פארגלײַכן די ווערטער מיט -ערײַ און מיט -עניש.

1808—6*

*4. וויפל זאצן איז אין דער ערשטער פראזע? אין דער צווייטער? לייגן אכט אף דער קאָמע.

| | |
|---|---|
| הײַנט האָבן מיר געלערנט סובסטאַנטיוון מיט ‎-ערײַ און מיט ‎-עניש. | 5. |

שליסל צו דער היימישער ארבעט.

אז מע לויפט ארום, האָט מען א הארצקלאפעניש. אז מע רעדט אסאך ווערט טרוקן אין מויל, א. א. וו. (מאסרע זײַן די קינדער, זיי זאָלן ניט פאר-געסן די קאָמעס, ווו מע דארף).

## 39. סובסטאנטיוון מיט ‎-קײַט, ‎-שאפט

1. באהאנדלען די ארויסגעשריבענע ווערטער. טראכט-צו נאָך ווערטער, וואָס ענדיקן זיך מיט ‎-קײַט.

2. דארף זײַן: איידל קײַט א טרוקן שטיקל ברויט.

פרווט מאכן פון דעם וואָרט „לויפן" ווערטער מיט ‎-ערײַ, ‎- עניש, ‎-קײַט, ‎-שאפט. וועלכע קען מען ניט? דאָס אייגענע מיט „הויך".

| | |
|---|---|
| הײַנט האָבן מיר געלערנט סובסטאַנטיוון מיט ‎-קײַט און מיט ‎-שאפט. | 3. |

## 40. סובסטאנטיוון צונויפזאצן

1. וואָס הייסט ווינטערצײַט? פרילינג-יאָנטעוו? קינדערשפּיל? זונשטראל? ווינטמיל? וואנטזייגער? ארבעטשול? ראטנמאכט? א. א. וו. דערמאָנט זיך נאָך צונויפזאצן סובסטאנטיוון.

2. מאכן צונויפזאצן פון די ווערטער:

עסן-צימער, שלאָפן-צימער, דאָרף-ראט, פרילינג-ליד, זינגען-פויגל, נייען-מאשין, זויערע-מילך, קאָפּ-ווייטעק, ערד-ארבעט, פויגל-נעסט. (לייגן אכט אף דער ריכטיקער אקצענטירונג: עס'צימער, דאָ'רפראט...)

| | |
|---|---|
| הײַנט האָבן מיר געלערנט וועגן סובסטאַנטיוון צו-נויפזאצן. דאָס זײַנען אזעלכע סובסטאַנטיוון, וואָס זײַנען צונויפגעזעצט פון צוויי ווערטער. | 3. |

## 41. נאָך וועגן צונויפזאצן

1. ווו זײַנען דאָ צונויפזאצן? וואָס באַטײַטן זיי?
2. ווער הייסט פויקנקלאפער? ווי הייסט דער וואָס באקט ברויט? דער וואָס האקט האָלץ? דער וואָס טרײַבט אָקסן? די וואָס שטריקן זאָקן? א.א.וו.
3. לייגן אכט אפן אויסלייג מיט צוויי ריישן, צוויי שינען.

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר ווײַטער געלערנט וועגן צו־נויפזאצן. א לענגערן צונויפזאץ שרײַבט מען מיט א בינדשטריכל. אין א צונויפזאץ קומען אמאָל אלציינע אויסיעס (זומערדעגן). |

## 42. וועגן באַטײַט פון ווערטער

1. פאנאנדערקלײַבן די באַטײַטן: אָנגעברויגעוט, געקנייטשט זיך א. א. וו. (ווער קען זיך אָנברויגעזן? א יאם קען זיך אָנברויגעזן? וואָס הייסט דאָס?..) זיך דערמאָנען נאָך ווערטער מיט פארשיידענע באַטײַטן — באזונדער צײַט־ווערטער, סימאָנים, סובסטאנטיוון.
2. צוטראכטן נאָך אזעלכע ווערטער.

וואָס איז א קעמל? (א קעמל צו די האָר און א כײַע). ווי איז די מער־צאָל? (קעמלעך — קעמלען).

וואָס איז א שטערן? ווי איז די מערצאָל? ווער ווייס נאָך א וואָרט „שטערן"? (א צײַטוואָרט).

3. פאנאנדערקלײַבן די ווערטלעך: א יאָר מיט א מיטוואָך א. א. וו. (אופקלערן זייער באַטײַט, ווײַזן, אז זיי מאכן די רייד לעבעדיקער, שענער).
4. די ווערטלעך „ניט פאר אײַך געדאכט" און „קיין אײַנהאָרע" זײַנען נארישע, וואָס נאָר פרומע ייִדן באנוצן זיי. מיר וועלן זיי ניט באנוצן.

## 43. ווערטלעך

1. פאנאנדערקלײַבן די אויסגעפילטע פארגעבונג 42.
2. ווי קען מען „שטארבן דרײַ מאָל א טאָג"? וואָס הייסט „אויסהאלטן א שטוב מיט פיקערס"? ווי ליגט עס „דער קאָפּ אין דער ערד"?

מאָלט אויס טעוויען מיטן קאָפּ אין דער ערד (בוכשטעבלעך).

דערמאָנען, ווי מאָטל פייסיס דערשרעקט זיך, אז מע זאָגט אים, אז די וועלט וועט זיך איבערקערן.

3. פֿאַרוואָס פֿאַרגלײַכט ער מיט אַן אײזל? דערמאָנט זיך נאָך פֿאַרגלײַ-כענישן:

אויסגײן ווי . . . . . . . . . (אַ ליכט)

אויסגעטריקנט ווי . . . . . . . (אַ שפּענדל)

אופֿלויפֿן ווי . . . . . . . . . (אַ באַרג)

אַנטלויפֿן ווי . . . . . . . . . (פֿון פֿײַער)

דערקלערן די אַלע פֿאַרגלײַכענישן.

## 44. אַ צוגאָב בײַ צײַטוואָרט

1. לייגן אַכט אַף די אויסגעטײלטע ווערטער. וואָס איז דער כילעק פֿון שלעפּן ביז אַרײַנשלעפּן? פֿון אַרײַנשלעפּן ביז אַראָפּשלעפּן א. א. וו.

2. איבערמאַכן די אויסגעטײלטע ווערבן פֿון דער דערציילונג אין שפּעטער-דיקער צײַט, דערנאָך אין איצטיקער צײַט.

צו אַ צײַטוואָרט (נעמען, לאָזן, גײן...) צוגעבן אַרײַן, אַרויס און אַנ-דערע צוגאָבן.

3. וואָס קומט פֿריִער אין דער פּראַזע — דער צײַטוואָרט צי דער צוגאָב?

(דאָס ווענדט זיך אָן דער צײַט. אין איצטיקער צײַט קומט דער צײַטוואָרט פֿריִער, אין פֿריִערדיקער און אין שפּעטערדיקער צײַט — דער צוגאָב פֿריִער).

געפֿינען צײַטווערטער מיט די צוגאָבן אַרײַן, אַרויס, אַרוף, אַראָפּ (פֿאַר-שרײַבן אַפֿן טאָוול) און צוטראַכטן פּראַזעס.

ווּהין קען מען עפּעס אַרײַנוואַרפֿן? (אין טײַך, אין אַ גרוב, אין אַ קאַסטן...)

אַרויסוואַרפֿן? (אַפֿן גאַס, אַפֿן הויף...)

אַרופֿוואַרפֿן? (אַפֿן אויוון, אַפֿן דאַך...)

אַראָפּוואַרפֿן? (אַף דער ערד...)

עמעצן אַרײַנטרײַבן?

אַרויסטרײַבן?

אַרומטרײַבן?

אַראָפּטרײַבן?

## 45. נאָך צוגאָבן בײַ צײַטווערטער

1. וועלכע צוגאָבן בײַ צײַטווערטער זײַנען דאָ פֿאַראַן? וועלכע ווייסט איר פֿון פֿריִער? וועלכע זײַנען דאָ צוגעקומען?

2. פון וועלכע אויסיעס באשטייט אוועקגעבן? אוועקפאָרן?
ווײַזט מיט די הענט: ארופוואַרפן — אַרופליגן
אראָפּוואַרפן — אראָפּנעמען
ארײַנוואַרפן — ארײַנלייגן
ארויסוואַרפן — ארויסנעמען
אריבערוואַרפן — פאַנאַנדערשיטן
ארונטערוואַרפן
אָפּוואַרפן
אוועקוואַרפן
פאַנאַנדערוואַרפן

די אָנשריפטן

| | |
|---|---|
| אוועק . . . געבן<br>אוועקגעבן | אוועק . . . געבן<br>אוועקגעגעבן |

ווײַזן, אז פון „אוועק" און „געבן", אָדער „געגעבן", שטעלט זיך אויף איין וואָרט, ווו עס שרײַבט זיך ק און ג. די ווײַטערדיקע פארגעבונג האָט דעם צוועק פארפעסטיקן די ריכטיקע שרײַבונג (אוועקגעגאַנגען, ניט אוועגעגאַנגען, און א. וו.).

3. די פאַרקערטע באַטײַטן קענען זײַן אזעלכע:
אופהייבן — אראָפּלאָזן, אוועקוואַרפן
איבערקריכן — אונטערקריכן
אוועקפּאַטערן — אופהיטן, אָפּהיטן
פאַנאַנדערוואַרפן — אופקלײַבן, צונויפקלײַבן
צולויפן — אָפּלויפן, אוועקלויפן
אוועקוואַרפן — אופהייבן

## 46. נאָך צוגאָבן בא צײַטווערטער

1. אופשטעלן נאָך צײַטווערטער מיט דיזעלביקע צוגאָבן (אוועק-, צו-אָנ-, איבער-). צוטראכטן און אָנשרײַבן אייניקע פראזעס מיט צײַטווערטער מיטן צוגאָב אוועק. ווי זאָגט מען אוועקגיין? ווי שרײַבט מען? ווי שרײַבט מען אוועקגעגאַנגען, אוועקגעשיקט? (דערמאָנען פון פאָריקן לימעד).

2. שליסל צו די פארגעבונגען:
אופנעמען א גאסט
אָפּנעמען צוריק דעם בוך
אײַנעמען א רעפּוע (אכט אפן אויסלייג — איין נון!)

אַרויסנעמען אַן עמער פון ברונען
אַראָפּנעמען דעם זייגער פון וואַנט
אַרײַנעמען דעם הונט אין שטוב (אויסלייג!)
אַרופנעמען דאָס קינד אַפן קאַנאַפּע
אויסקלאַפּן דעם וועג מיט שטיינדלעך
אַרופקלאַפּן אַ רייף אַף אַ פאַס
אַרײַנקלאַפּן אַ צוואָק אין וואַנט
אָפּקלאַפּן אַ פינגער
אַראָפּקלאַפּן אַ רייף פון אַ פאַס
זי פּלעגט זיך אויסריידן דאָס האַרץ

איך וואָלט אים קענען אײַנריידן (אָדער איבעריידן), ער זאָל מיט דיר גוט ווערן.

ער קען אָפּריידן דרײַ שאָ נאָכאַנאַנד.

מאָרגן וועל איך מיט אים איבעריידן וועגן דעם איניען.

אַז איך וואָלט זיך מיט איר דורכריידן (אָדער: דורכגערעדט), וואָלט זי מוידע געווען.

3. דערמאָנען וועגן פּרעפּאָזיציע (ס׳זײַנען פאַראַן פּרעפּאָזיציעס ענלעכע אַף צוגאָבן באַ צײַטווערטער).

4. אויסטיילן די צײַטווערטער מיט צוגאָבן. צוטראַכטן נאָך פראַזעס מיט דיזעלביקע צײַטווערטער. געפינען באַפעלן.

(אין אַ באַפעל קומט דער צוגאָב נאָכן צײַטוואָרט). צוטראַכטן נאָך באַפעלן מיט צוגאָבן.

5. אין דער פאַרשרײַבונג „היינט האָבן מיר געלערנט״—שטעלן אַלע ווער-באַלע צוגאָבן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען סײַ אין טעקסט, סײַ אין די מינדלעכע בײַשפּילן.

## 47. צושטעל באַ אַ צײַטוואָרט

1. פאַרגלײַכן די אויסגעטיילטע צײַטווערטער פון דער דערציילונג מיט דיזעלביקע צײַטווערטער אָן צושטעלן.

צוקלײַבן נאָך צײַטווערטער מיט דיזעלביקע צושטעלן פאַר-, דער-באַ-).

שפּיל: דער לערער זאָגט קורצע פראַזעס מיט אינפיניטיוו און אקוזאַטיוו אָדער אַדווערבן (וואַרפן אַ שטיין, מאָלן אַ פּלאַקאַט...), די שילער גיבן צו פאַר-, באַ-, דער- (און ענדערן, אויב מע דאַרף, דעם צווייטן וואָרט).

2. פאַרגלײַכן: לײַכטן — האָט געלויכטן, באַלײַכטן — האָט באַלויכטן; בלאָנדזשען — האָט געבלאָנדזשעט, פאַרבלאָנדזשען — האָט פאַרבלאָנדזשעט א. אַ. וו.

3. פארגלײַכן: לויפן—בין געלאָפן, פארלויפן—בין פארלאָפן, גײן—בין געגאנגען, דערגײן — בין דערגאנגען א .א. צײַטווערטער, וואָס האָבן אין דער פריִערדיקער צײַט „בין".

איבערשרײַבן די דערציילונג „אפן ברעג טײַך", איבערמאכן דעם ערשטן אָפּזאץ אין פארגאנגענהײַט, און ווײַטער (פון „פרילינג, ווי נאָר"...) אין פיל־מאָליקן צײַטוואָרט.

4. | הײַנט האָבן מיר געלערנט וועגן צושטעל בא א צײַטוואָרט. א צושטעל קומט אלעמאָל אין אָנהייב צײַטוואָרט, און א צוגאָב קומט אמאָל אין אָנהייב צײַטוואָרט, אמאָל נאָכן צײַטוואָרט.

## 48. נאָך וועגן צושטעל

1. וואָס פאר א צושטעל איז אין די אויסגעטיילטע צײַטווערטער? וועלכע צושטעלן ווייסט איר שוין?

2. פארגלײַכן די צײַטווערטער. ווײַזן מיט די הענט דעם אונטערשייד פון צו- און צע- (אף קאָנקרעטע צײַטווערטער). פארבײַטן צע- אף פאנאנדער.

3. צוטראכטן פראזעס מיט „פאנאנדערווארפן" און מיט „צעווארפן" אין אלע דרײַ צײַטן. פארגלײַכן די שטעלונג פון „צע" לעגאבע דעם צײַטוואָרט. נעמען צום פארגלײַך נאָך אנדערע צוגאָבן און נאָך אנדערע צושטעלן. מאכן אן אויספיר וועגן גע- בא צוגאָב און בא צושטעל.

## 49. וועגן שרײַבן ריכטיק

1. איבערלייענען. נאָכן איבערלייענען לייגן אכט אף די פּרעפּאָזיציעס „בא, צו, ארום, אָן, נאָך, איבער, אונטער" און דעם באשטימוואָרט „דער" און אף די צוגאָבן „צו, ארום, אָן, נאָך, איבער, אונטער" און צושטעלן „בא, דער". ווען שרײַבט זיך באזונדער און ווען אינײנעם?

2. לייגן אכט אף „א" — אומבאשטימוואָרט און „א" — אין אָנהייב פון די ווערטער, וואָס ווערן דאָ געבראכט אין טעקסט. צוטראכטן און אָנשרײַבן אנדערע פראזעס מיט דיזעלביקע „א" אלס אומבאשטימוואָרט און אלס אָנהייב וואָרט.

3. | הײַנט האָבן מיר געלערנט שרײַבן ווערטער צוזאמען און באַזונדער

היימישע ארבעט — אינדיווידועל, לויט יעדערנס אָרטאָגראפישע גרײַזן.

## 50. צײַטוואָרט מיט „זיך"

1. צוקלײַבן פראזעס, ווו די צײַטווערטער מיט „זיך" זאָלן פאָרקומען אָן „זיך" און פארקערט. פארגלײַכן די ווערטער:

קעמען — קעמען זיך
באָדן — באָדן זיך
וואשן — וואשן זיך
דרייען — דרייען זיך, א. א. וו.

2. שליסל צום טעקסט מיט פארפעלטן „זיך":

### דער אײַזגאנג

דאָס וואסער לויפט פון די בערג און עס גיסט איבערן אײַז. פונדערווײַטנס הערט זיך א קנאַק. א שטיק אײַז, א האַלבער טײַך קומט אָן און רײַסט ווײַטער. דאָס וואסער רוישט שטראָמענדיק אין א רינע פון צווישן צוויי שטיקער אײַז און מיט א ראש שטראָמט עס פון דער רינע ארויס און עס לעכערט דאָס אײַז, אַף וועלכן עס רינט ארוף. א כוואַליע וואסער קומט אָן צו לויפן און גיט א גאָס איבערן אײַז. באלד נאָך דער כוואליע הערט זיך א קנאַק. דאָס אײַז שפאלט זיך און א ריזיק שטיק פון אים שטעלט זיך קאפויר און ווערט די רענע צעשמעטערט אַף שטיקלעך. דאָס וואסער לאָזט זיך אין א שטארקן שטראָם ארויס פון זײַן געפרוירענער דעקע, מיטשלעפנדיק די הארוגים, די צעבראָכענע שטיקער אײַז, און מאכנדיק מיט זיי א שפּילעכל, א דריידל אין קאָן, צווישן צוויי כוואליעס, וואָס איינע וויל די צווייטע כאפּן, און פאטשן אין פּאָנעם ארײַן.

3. טראכט צו נאָך אזעלכע באפעלן מיט „זיך". ענדערן די צײַטווערטער „וואשן זיך, שערן זיך" אין אלע פערזאָנען און בײדע צאָלן פון דער איצטיקער צײַט.

## 51. נאָך וועגן צײַטוואָרט מיט „זיך"

1. אויסטיילן צײַטווערטער מיט „זיך".

ענדערן „ווארעמען זיך" אין איצטיקער צײַט, ענדערן „ציִען זיך" אין פריִערדיקער צײַט, ענדערן „קוויקן זיך" אין שפּעטערדיקער צײַט.

2. געפינט אין פרילינגליד א באפעל מיט „זיך" (פילט זיך אָן). וואָס ווינטשט דער אוטאָר די זאנגען? (זיי זאָלן זיך אָנפילן מיט זאפט). פארשרײַבט אפן טאָוול זיך אָנפילן. ענדערן אין איצטיקער צײַט. ווי הייסט אָנ-? (צוגאָב).

3. אויסטיילן צײַטווערטער מיט „זיך" און מיט צוגאָבן.

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר ווײַטער געלערנט וועגן צײַטווערטער מיטן וואָרט „זיך". „זיך" שרײַבט זיך באזונדער פונעם צײַטוואָרט. |

## 52. אָפּגעכאַפּטע צײַטווערטער

1. באהאנדלען די צײַטווערטער געכאַפּט, א קוק, א זאָג געטאָן, געגעבן א שרײַב. פארגלײַכן מיט: געקוקט, געזאָגט, געשריבן.

2. אופשטעלן (מינדלעך) פראזעס מיט ניט-אָפּגעכאַפּטע און אָפּגעכאַפּטע צײַטווערטער (בײַסן — א בּיס טאָן א. ד. ג.). דענערן אַן אָפּגעכאַפּטן צײַטוואָרט אין אלע דרײַ צײַטן, אלע פערזאָנען און בײדע צאָלן, דערבײַ שרײַבן אפן טאָוול.

שליסל צו דער שריפט-ארבעט:

די רויטע ארמיי וועט נעמען מינסק

איבער דער בעריאָזע הענגט א שטרענגער בריק,
אײַלן עשאלאָנען, אײַלן איבער בריק.
און ווען דער לעצטער רײַטער וועט דורכשנײַדן געשווינד
און שטרענגערהייט א זאָג טאָן: נו, כאַוויירים — צינד! —
וועט דאן דער בריק א ברעך טאָן, א פאָך טאָן מיט די הענט:
א בריק איז דאָ געהאנגען! געווען — און ניט געווען.
וועט מינסק דאן ווערן נעענטער, ס'איז ווער אהין ארײַן.
— מינסק. מיר וועלן, קומען מיר וועלן ווידער זײַן!...

3. וואָס איז דער כּילעק? באמערקן די אָרטאָגראַפיע.

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר געלערנט אָפּגעכאַפּטע צײַטווערטער. |

## 53. צײַטוואָרט

1. פון די ארויסגעשריבענע צײַטווערטער אָנרופן (מינדלעך) די צײַטווערטער מיט צוגאָבן, מיט צושטעלן, מיטן וואָרט „זיך", אָפּגעכאַפּטע.

2. דערמאָנען, ווי עס בײַט זיך די מיטעלע אָס אין פריִערדיקער צײַט. איך נעם — איך האָב גענומען, איך גיב — איך האָב געגעבן. ברענגען נאָך בײַשפּילן.

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר איבערגעכאַזערט צײַטוואָרט. |

## 54. פערזאָניקער צײַטוואָרט

1. ווו איז דער סוביעקט אין יעדער פראזע? ווו איז דער צײַטוואָרט? דערמאָנען, ווי מע ענדערט א צײַטוואָרט: עליע מאכט טינט.
— — — — — — — — — איך מאך טינט.

ווו באשטייט דער צײַטוואָרט פון איין וואָרט און ווו פון צוויי? דאָרטן ווו דער צײַטוואָרט באשטייט פון צוויי ווערטער—איז וועלכן פון די צוויי ווערטער קען מען ענדערן? (דורכמאכן די ענדערונגען). נאָך א בײַשפּיל: זינגען.

איצטיקע צײַט: איך זינג, דו זינגסט, ער זינגט, מיר זינגען א. א. וו.

פריִערדיקע צײַט: איך האָב געזונגען, דו האָסט געזונגען...

וועלכער וואָרט ענדערט זיך אין אלע דרײַ פּערזאָנען און אין ביידע צאָלן און וועלכער ניט (האָב, האָסט, האָט, האָבן—ענדערט זיך, געזונגען—ניט).

שפּעטערדיקע צײַט: איך וועל זינגען, דו וועסט זינגען...

וועלכער וואָרט ענדערט זיך און וועלכער ניט?

2. עליע וואָלט געמאכט טינט.

ווי ענדערט זיך דער וואָרט וואָלט? (איך וואָלט געמאכט, דו וואָלסט געמאכט...).

3. לייענען דעם טעקסט פון לימעד 53, אָנווײַזן אלע צײַטווערטער. פון ויפל ווערטער באשטייט יעדערער? ווו זײַנען פּערזאָניקע צײַטווערטער? („האָבן געגעבן א קוק" באשטייט פון 4 ווערטער, פון זיי איינער א פּערזאָניקער צײַטוואָרט—„האָבן").

דערמאָנען (מיט בײַשפּילן) סוביעקט און אָביעקט.

4. | הײַנט האָבן מיר געלערנט פּערזאָניקן און ניט-פּערזאָניקן צײַטוואָרט. |
|---|

## 55. סיידער פון די ווערטער אין זאץ

1. פאנאנדערקלײַבן די פראזעם פון דער אויסגעפּילטער פארגעבונג 54. אויב ס'קומען פאָר ניט-ריכטיקע (צ. ב. איך דיך רוף)—פעסטשטעלן, אז ס'איז ניט-ריכטיק. פון די ריכטיקע פּרווון אייניקע אָפּשאצן: ווי געפעלט אײַך בעסער: עליע מאכט טינט, צי טינט מאכט עליע? א. א. וו.

אָנשרײַבן אפן טאָוול די 6 גרונטפראזעס (פון לימעד 54) מיט אלע זייערע וואריאנטן (פון פארגעבונג 54), רובריצירן לויטן אָרט פון פּערזאָניקן צײַטוואָרט:

פּערזאָניקער צײַטוואָרט אפן I אָרט.

פּערזאָניקער צײַטוואָרט אפן II אָרט.

פּערזאָניקער צײַטוואָרט אפן III אָרט.

2. ווו איז דער סוביעקט? אָביעקט? פּערזאָניקער צײַטוואָרט? וואָס שטייט אין אָנהייב? וואָס שטייט אפן צווייטן אָרט? שטעלט פריִער דעם אָביעקט.

וואָס וועט זײַן אפן צווייטן אָרט? שטעלט פריִער דעם וואָרט געמאכט.
וואָס וועט זײַן אפן צווייטן אָרט? שטעלט דעם פערזאָניקן צײַטוואָרט אפן ערשטן אָרט. מע קען שטעלן דעם פערזאָניקן צײַטוואָרט אפן דריטן אָרט?

דאָס אייגענע מיט אנדערע פראזעס.

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר געלערנט וועגן סיידער פון ווער-טער. ווען מע רעדט אָדער מע שרײַבט, דארף מען צעשטעלן די ווערטער אין א ריכטיקן סיידער. |

## 56. סובסטאנטיוו, צײַטוואָרט, פראזע, זאץ

1. וויפל פראזעס איז רעכטס? (2). לינקס? (1). וויפל זאצן רעכטס? (2). לינקס? (2). וואָס איז דער כילעק, אין די צייכנס? צי הערט מען דעם כילעק, ווען עמעצער לייענט? דער לערער לייענט פאַר נאָך אזעלכע בײַשפּילן, ווי צוויי פראזעס ווערן צונויפגעגאָסן, און לייגט פאַר דערקענען נאָכן טאָן (קאָל), ווו איז צוויי פראזעס און ווו איז איין פראזע פון צוויי זאצן. מע זאָגט, וואָס, ווו פאר א צייכנס מע דארף שרײַבן.

2. ווו איז אין צווייטן זאץ א סוביעקט? א צײַטוואָרט? א פערזאָניקער צײַטוואָרט? אן אָביעקט? דאָס אייגענע וועגן אנדערע זאצן.

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר איבערגעכאזערט סובסטאנטיוו, צײַט-וואָרט, פראזע, זאץ. |

## 57. באטײַט פון ווערטער

1. ווער קען האָבן אייגננעמען? (מענטשן, שטעט, לענדער, גאסן, טײַכן, בערג, הינט, קעץ...). בײַשפּילן.

2. די יידענע איז גערעכט צי ניין?

וויפל דניעפּערס איז דאָ אף דער וועלט? וויפל טײַכן איז דאָ? יעדער טײַך האָט א נאָמען? אז קינדער גיסן אויס א שיסל וואסער און מאכן א „טײַך" — האָט דער טײַך א נאָמען? ס'איז אזא טײַך ווי דניעפּער צי אן אנ-דערער? (דערמאָנען וועגן פאַרשיידענע באטײַטן פון ווערטער).

3. וואָסערע באטײַטן האָבן די ווערטער זון, קוילן, געריכט, וועגן? דערמאָנט זיך נאָך אזעלכע.

4. פארן דאשעק. עפשער ווייסט איר נאָך אזעלכע ווערטערשפּילן?

## 58. וועגן דעם בוך „שפּראַך“

1. הײַנט וועלן מיר קאָלעקטיוו (אַלע אינײנעם) באַטראַכטן דעם בוך, וואָס מיר האָבן געלערנט, און דערנאָך וועלן מיר אָנשרײַבן דעם אווטאָר אונדזער מײנונג. מע קלײַבט אויס אַ סעקרעטאַר, ער פֿאַרשרײַבט אַפֿן טאָוול אָדער אין העפט די מײנונגען. מע נעמט ווערטער און מע זאָגט, וואָס איז אין בוך גוט און וואָס שלעכט. דער לערער רעזומירט און זאָגט אַרויס זײַן מײנונג. (דערקלערן דעם וואָרט „באַהאַנדלען“). לײגן אַכט דערויף, ווי מע פֿירט אַ פֿאַרזאַמלונג.

## 59—60. אַ בריוו צום אווטאָר פֿון בוך

1. באַהאַנדלען די אויסערלעכע זײַט פֿונעם בריוו, וואָס מע דאַרף שרײַבן אָרט, דאַטע, ווענדונג; אָפּהיטן נײַע שורעס; אָנשרײַבן קורץ און צו דער זאַך; צום סאָף — אַ ווונטש וועגן ווײַטערדיקע לערנביכער, אויב דער אווטאָר וועט זיי אויפֿשטעלן; אונטערשריפֿטן. (דער לערער און פֿאָרשטײער פֿון די שילער); אַדרעס אויף צוריק.

אויפֿשטעלן דעם בריוו. איבערשרײַבן אויף רײן. אונטערשרײַבן. דעם אווטאָרס אַדרעס איז:

Москва 48, Воздвиженский пер. 4, кв. 46, А. Зарецкому

# X. ספּעציִעלע אָנווײַזן צום IV לערניאָר

## 1. ווערטער מיט פאַרשיידענע באַטײַטן

איבערכאַזערונג פון האָמאָנימען און מעטאַפאָרעס.

1. פאַרוואָס האָט די שכיינע ניט פאַרשטאַנען, וואָס כאַנע מיינט?

3. ווען מע פאַלט אַף אַ סייכל. (וואָס הייסט „פאַלן אַף אַ סייכל״?).

5. אופשטעלן פראַזעס מיט די ווערטער אַכט, באָדן..., אַז די ווערטער זאָלן דאָרטן האָבן פאַרשיידענע באַטײַטן (איך עס פרישטיק אַכט אַ זייגער; מע דאַרף לייגן אַכט אַף דער אַרבעט; זומער פלעגן מיר זיך באָדן אין טײַך; בא אונדז איז אַ זאַמדיקער באָדן...).

6. פאַראַן ווערטער, וואָס אַ ליטוואַק שיידט זיי ניט אונטער און אַן אוקראַיִנער שיידט אונטער (ברויט-ברייט...); הייסט עס, באַם ליטוואַק האָט דער וואָרט brejt פאַרשיידענע באַטײַטן. אַזוי פאַרן אוקראַיִנער — ahin (אָדער ain).

7. ניין, ווײַל אינמיטן איז אַ נאַכט („טאָג״ האָט צוויי באַטײַטן: אַ גאַנצער מעסלעס אָדער נאָר דער טייל מעסלעס, ווען ס׳איז דאָ די זון).

8. צווייִדײַטיקײַט פונעם וואָרט „זעלטן״ (שוין געווען אין דריטן לערניאָר, אָבער אַלס ניט אַבליגאַטאָריש).

9. „סאַמעטענע ווײַט״ — סאַמעטענע ווײַטקײַט („ווײַט״ — סובסטאַנטיוו). געפינען ווערטער, וואָס האָבן דאָ אַן אַנדער באַטײַט, ווי געוויינלעך. „סאַמעטענע״ — ניט געמאַכט פון סאַמעט, נאָר זעט אויס ווי סאַמעט. „ס׳פליט די כוואַליע״, „קלינגט די כוואַליע״. „דאָרעם-זוים״ — דאָרעמדיקער פּאַס (ווי אַ זוים אַף אַ טישטעך, אַ קלייד). „לעקן״.

12. מעטאַפאָרעס אין „סטעפּ״: פריש, צעלאָזט, גאָלדענער, ליגט צעלייגט, פּיס אויסגעצויגן, גאָלדענער שײַן, זויגט, נאַקעט, שטום, געהיים און פאַרטראַכט, טרויעריקע אויגן, באַגלייט, קומט-אָן, סע לייגט זיך.

## 2. ווערטלעך

1. אויסקלײַבן ווערטלעך, דערמאָנען נאָך ווערטלעך (יעדערער פאַרשרײַבט אין העפט די באַזונדערס אינטערעסאַנטע).

5. דער, וואָס איז שולדיק דעם קירזשנער. (וואָס הייסט טאַקע „אַ באַלכויוו איבערן קאָפּ״?)

6. ווײַל ער קען מאכן פיס („מאכן פיס״ — אנטלויפן; א סטאָליער מאכט פיס צו א טיש).

## 3. סינאָנימען און קעגנזאצן

2. דער אונטערשייד צווישן סינאָנימען (ריידן — זאָגן) קען מען דערקלערן דורך פראזעס, ווו ס'זאָל זיך פאסן דער אָדער יענער סינאָנים, צ. ב.

מיר ריידן שוין הײַנט ריכטיקער, ווי פאראיאָרן.

דער לערער האָט געזאָגט, אז...

12. שליסל צו די קעגנזאצן:

אָנהייב — סאָף, ענדע
ארומגיין ליידיק — ארבעטן, האָרע-
ווען, זײַן פארנומען
אָרעם — רײַך
באוועגלעך — אומבאוועגלעך
באקאנט — אומבאקאנט
בויען — צעווארפן, צעשטערן
ברודיק — ריין, ציכטיק
גיך — לאנגזאם, פאמעלעך, פאוואָליע
גלײַך — קרום, ניט-גלייך
געוויס — עפשער
געזונט — קראנק, אומגעזונט
גראָב — דין, איידל
גרויס — קליין
דאנקבאר — אומדאנקבאר
האָרעווען — פוסטעפּאסעווען, ארום-
גיין ליידיק, גאָרניט טאָן
הויך — נידעריק, שטיל
זאט — הונגעריק
זיכער — אומזיכער, ניט-זיכער
זעלטן — אָפט, ניט זייער (זינגט זעלטן
שיין — זינגט ניט זייער שיין)
טרוקן — נאס, פײַכט
לאנג — קורץ, ניט-לאנג
ליכטיק — פינצטער
מעגלעך — אומעגלעך
נאָענט — ווײַט
פארשפעטיקן — קומען צו פרי
פלינק — ניט רירעוודיק, ווי א בלײַע-
נער פויגל
פריִער — שפעטער
צופרידן — אומצופרידן
קאלט — ווארעם, הייס
קורץ — לאנג
ריין — אומריין, שמוציק, ברודיק
שולדיק — אומשולדיק
שטענדיק — קיינמאָל (ניט)
שיין — מיִעס, העסלעך
שלאָפן — וואכן, וואך זײַן
שמאָל — ברייט
שפעט — פרי

## 4. וועגן גרײַזן

דאָ האנדלט זיך וועגן סעמאנטישע און פראזעאָלאָגישע גרײַזן.

3. שליסל:

יאנקל האָט פארזייט אין גאָרטן א קערנדל (פארזעצן קען מען געגנדז, א מאשקן, א נעפּמאן אין דאָפּר). די צוגרייט-ארבעט צו אָקטיאבער האָבן מיר שוין אָנגעהויבן (עפענען קען מען א פארזאמלונג, א זיצונג). דאָרפלײַט האָבן

דורכגעלייגט דורכן פעלד א סטעזשקעלע (דורכבּרעכן קען מען א וואנט). אין מעלדונג האָט דער פויער געבעטן, דער דאָרפראט זאָל אויספילן זיַין הישטאד-לעס (דערפילן קען מען א ווייטעק). כאנע האָט אופגעזאמלט 10 טשיקאווע ווערטלעך, און מאשע האָט פארשריבן אינגאנצן איין ווערטל (אופזאמלען קען מען עטלעכע אָדער אסאך). די פּרײַזע צײַט האָב איך פארבראכט אין קלוב (דורכפירן קען מען א פארזאמלונג). הערשעלע האָט אין שפּיל איבּערגעכאפּט די מאָס (איבּערגיין קען מען פון איין זיַיט אף דער צווייטער). דער לערער האָט אים געמאכט אופמערקזאם דערוף (אָדער: געוועגדעט זיַין אופמערקזאמקײַט דערויף). א גאנצן טאָג זיך איך בּא דער ארבּעט. די גאנצע קויכעס האָבּן די ערדארארבעטער אוועקגעגעבּן אף דער ארבעט (שענקען קען מען אופמערק-אמקײַט). אין טאָגסיידער שטייען וויכטיקע פראגעס.

5. שליסל צו די קאָנטאמינאציעס:

יאנקל שפּילט א וויכטיקע ראָליע אין אָטריאד

________פארנעמט________אָרט________

אלע שילער האָבּן גענומען אן אָנטייל אין באפוצן די שול

________געהאט א כיילעק________

## 5. באקאנטשאפט מיטן בוך

1. באשרײַבּן דעם ארבּעטבּוך „שפּראך״: וואָס איז אָנגעשריבּן אפן טאָוול אָדער אף דער הילע? אפן שארבלאט? ווי הייסט דער בוך? וואָס פאר אן „אונטערקעפּל״? (ארבעטבוך...). ווי הייסט דער אווטאָר? זיינע מיטארבעטער? דער פארלאג? דערקלערן, וואָס הייסט פארלאג? ווו און ווען איז דער בוך געדרוקט? וויפל זײַטלעך האָט ער? ווי קען מען עס וויסן? וויפל קאָסט ער? ווו איז עס אָנגעשריבּן? צו וואָס דינט די אינהאלט-פארצייכעניש?

דאָס איז אלץ די אויסערלעכע זײַט פון בוך. איצט די אינער-לעכע זײַט: צו וואָס דינט ער? צו וואָס קען בּיכלאל דינען א בוך? (צום לערנען, צום לייענען, צום אופזוכן א ספּראווקע). פון וואָס באשטייט דער בוך? (פון דערציילונגען, געדיכטן, פארגעבונגען).

שמועס וועגן ביכער, וואָס די שילער לייענען, וועגן פארשרײַבּן די ביכער.

היימישע ארבעט — אײַנפירן א העפט אף פארשרײַבּן געלייענטע ביכער, אָנהייבנדיק פון אָנהייב לערניאָר. יעדן בוך — אף א באזונדער זײַטל, לויטן פּלאן, וואָס איז אָנגעוויזן אין טעקסט.

וואָס לייענט מען נאָך, אחוץ ביכער? (צײַטונגען). שמועס וועגן צײַטונגען, וועגן „זײַ גרייט״ (אדרעס: כארקאָוו, טעוועליעוו פּלאץ 18).

2. דערמאָנען וועגן באטײַט פון ווערטער.

## 6. שמועס וועגן ביכער

פֿאָרזעצן דעם פֿריִערדיקן שמועס. באַשרײַבן (אויסערלעך און אינערלעך) א פּאָר לערנביכער, א פּאָר לייענביכער.

1. איבערלייענען די קלאָלים און דערקלערן; דערקלערן די צוויי „לאָ-זונגען".

3. וועגן ווערטערביכער (מיט בײַשפּילן פֿון רוסיש אָדער פֿון אַן אנדער שפּראַך). ווי זײַנען צעשטעלט די ווערטער אין ווערטערבוך? (לויטן אלעפבייז-סיידער פֿון די ערשטע אויסיעס, בא אלציינע ערשטע — לויטן סיידער פֿון די צווייטע אויסיעס, א. א. וו.).

„דער ווערטערבוך, וואָס איר האָט אופגעשטעלט פּאראיאָרן (לויט „שפּראַך" פֿארן III לערניאָר), איז ניט געווען קיין עמעסער ווערטערבוך, ווײַל די ווערטער זײַנען דאָרטן געשטאנען ניט אין אלעפבייז-סיידער. איצט, אז איר וועט פֿאר-שרײַבן די נײַע אָדער שווערע ווערטער, וועט איר שוין זיי נאָכדעם איבער-שרײַבן אין סיידער פֿון אלעפבייז". (דאָס וועט טאקע זײַן ווען-ניט-ווען א היימישע ארבעט).

## 7. דיקטאט

די שילער לייענען-איבער דעם טעקסט, וואָס מע וועט זיי באלד דיק-טירן, און סטארען זיך פֿארגעדענקען די שווערע ווערטער.

באַם דיקטאט מעגן זיי פֿרעגן, ווי עס שרײַבט זיך א וואָרט.

די אָפּשטעלצייכנס דארף דער לערער דיקטירן, אכוץ א פּונקט (אָדער אויך אכוץ א קאָמע).

דער דיקטאט מעג ניט פֿארענדיקט ווערן.

אויב ס'איז דאָ צײַט, קענען די שילער אליין אויספֿאריכטן זייערע ארבעטן (אָדער איינער דעם אנדערן), אָבער אומבאדינגט לויטן טעקסט.

## 8. אינדיווידועלע ארבעט

יעדן שילער, אָדער יעדערע עטלעכע שילער, גיט דער לערער א באזונ-דער ארבעט (אָנגעמערקט פֿון פֿריִער), לויט יעדערנס אָרטאָגראפֿישע אָדער גראמאטישע גרײַזן.

## 9. אָפּשטעלצייכנס

2. דערמאָנען די אָפּשטעלצייכנס, אופזוכן אין כרעסטאָמאטיע בײַשפּילן.

3. כאווער ראשאל, דער קאָמענדאנט רופֿט אײַך.

כאווער, ראשאל דער קאָמענדאנט רופֿט אײַך.

כאווער ראשאל דער קאָמענדאנט רופֿט אײַך.

4. דערקלערן דעם וואָרט „אויסדריקלעך". וועלכע אָפּשטעלצייכנס קענען קומען אין סאָף פֿראזע? (פּונקט, פֿרעגצייכן, אויסרופֿצייכן, דרײַפּונקט).

5. איבערלייענען, דערקלערן, אילוסטרירן מיט ביישפּילן פון לעבעדיקער רייד און פון בוך.

## 10. קאָמע

1. דערמאָנען, וואָס מע האָט געלערנט וועגן ווענדונג פאַראיאָרן.
אויפשטעלן פראזעס מיט געגעבענער ווענדונג (כעוורע, כאווירים און ביר-גער, כאַשעווער כאווער רעדאקטער...).
2. דערמאָנען, וואָס מע האָט געלערנט וועגן איבערעכענונג פאַראיאָרן.
דערמאָנען, וואָס מע האָט געלערנט וועגן זאַץ און פראזע.
4. א נאָדל. וויפל זאַצן איז אין דער פראזע? וויפל קאָמעס?
5. ווערטערשפּיל: אז מע ווארפט א שטעקן אין וואנט, בלייבט ער א שטעקן (ניט עפּעס אנדערש). וויפל זאַצן איז אין יעדערער פון די פראזעס? טראכט-צו אָדער דערמאָנט זיך פראזעס, וואָס באשטייען פון צוויי, דריי זאַצן. ווו קומען דאָרט קאָמעס?
7. באמערקן די ווערטער יאָ, נו, ניין.
דער לערער פיקסירט די שילערס אויפמערקזאמקייט אף וועלכע ס'איז פראזעס פון זייער אייגענער רייד, ווו ס'קומען-פאָר קאָמעס.
8. פאַראן פאלן, ווען א קאָמע הערט זיך אָבער שרייבט זיך ניט, צ. ב. פאר און בא איבערעכענונג. נאָך אנדערע פאלן: „שטילער וואסער גראָבט טיף" — אייניקע לייענען עס מיט א קאָמע נאָך „וואסער". „פון לײדיקע פעסער איז דער ליארעם גרעסער" א. ד. גל. שפּעטער וועט איר לערנען, ווי מע קען וויסן, צי שטעלן אין אזעלכע פאלן א קאָמע, צי ניין.

## 11. נאָך אָפּשטעלצייכנס

1. באמערקן דעם צווייפּונקט — זיין אינטאָנאציע און דעם גראמאטישן בא-דינג פון זיין באנוץ.
2. באמערקן טירע, צווייפּונקט.
4. באמערקן די צווייפּונקטן.
6. טירע.
8. קלאמערן.

## 12. נאָך אָפּשטעלצייכנס; נייע שורע

1. דערמאָנען וועגן באנוץ פון פּיסלעך (לאפּקעס) בא עמעצנס רייד.
2. מע קען אנדערש אויסדריקן איראָניע: שוין איינמאָל א גאטספּריינט-לעכע מומע!
3. אנדערש אויסגעדריקט די איראָניע: א פיינער קענער פון אָפּשטעל-צייכנס!

4. פּיסלעך באַ א וואָרט, וואָס מע וויל ערשט דערקלערן. אָנשטאָט פּיסלעך קען ער זײַן אונטערגעשטראָכן.

נאָך פאַלן, ווען מע באַנוצט פּיסלעך — באַ נעמען פון ווערק, באַ ווייניק באַקאַנטע ווערטער (אויפזוכן בײַשפּילן אין כרעסטאָמאַטיע אָדער אין לערנבוך אָדער אַליין אויפשטעלן).

דערמאָנען וועגן נײַער שורע, אויפזוכן בײַשפּילן.

## 13. דיקטאַט

פריִער דערמאָנען אַלע אָפּשטעלצייכנס.

## 14. איבערכאַזערונג

לייגן אַכט הויפּטזעכלעך אויף די אָפּשטעלצייכנס (אָנרופן, דערקלערן, ווײַזן די אינטאָנאַציע). זיך אָפּשטעלן טיילווײַז אויף סעמאַנטיק.

## 16. סוביעקט, פּרעדיקאַט

1. „איך וועל... א בריוו" וואָס פעלט? — „שרײַבן" (לייענען, באַקומען ...), ד. ה. א צײַטוואָרט.

„איך ... שרײַבן א בריוו". וואָס פעלט? — „וועל, ד. ה. א פּערזאָניקער צײַטוואָרט. (דערמאָנען פון פאַראיאָריקן לערנען).

וועלכע פראַזע איז פאַרשטענדיקער? (גיכער וועט מען האַלטן די צווייטע פאַר פאַרשטענדיקער; מע קען נאָך פרעגן אַנדערש: אין וועלכער פראַזע פעלט מערער?) פון דער ערשטער פראַזע ווייס מען גאָרניט, צי שרײַבן א בריוו, צי באַקומען, צי לייענען, צי שיקן, צי צערײַסן...; פון דער צווייטער ווייס מען נאָר ניט, צי וועל שרײַבן, צי וויל שרײַבן, צי פלעג שרײַבן...

„וועל" הייסט א באַהילפיקער וואָרט; אַז ער קומט צו צום וויכטיקסטן וואָרט „שרײַבן", ווערט שוין אינגאַנצן קלאָר דער געדאַנק.

ביידע ווערטער צוזאַמען „וועל שרײַבן" הייסן פּרעדיקאַט.

אַזוי דורכמאַכן די ווײַטערדיקע בײַשפּילן.

4. הייסט עס, אין א פּרעדיקאַט איז פאַראַן איין צײַטוואָרט א באַהילפיקער און א צווייטער ניט קיין באַהילפיקער (מע קען געבן דעם טערמין „באַטײַטיקער"). דער באַהילפיקער ווײַזט, ווען טוט מען, און דער באַטײַטיקער ווײַזט, וואָס טוט מען.

אָבער אין דער פראַזע

„איך שרײַב א בריוו"

איז שוין אין איין וואָרט אָנגעוויזן אי ווען מע טוט, אי וואָס מע טוט. דאָ באַשטייט דער פּרעדיקאַט פון איין וואָרט „שרײַב". ס'איז א פּערזאָניקער צײַט-וואָרט (א רײַע: דו שרײַב...סט, ער שרײַב...ט, מיר שרײַב...ן), אָבער ניט קיין באַהילפיקער.

13. אָפּהיטן דעם סיידער פון די ווערטער: האָט מינסק אוועקגעשיקט באַרזשעס שלעפּן, איך שטיי, לויפט אום א האָז (אָדער: לויפט א האָז).

אויב פונעם מאַטעריאַל אין אַרבעטבוך וועט ניט בלײַבן פאַר א היימישער אַרבעט, קען מען געבן אן אַרבעט לויט א כרעסטאָמאַטישן טעקסט (אויס־שרײַבן סוביעקטן און פּרעדיקאַטן); צוקלײַבן אָבער א טעקסט מיט איינפאַכע זאַצן.

## 17. סכעמעס פון זאַצן

שליסל:

2. ער———האָט געבראַכט

/

געצײַג

/

אַלערליי

3. איך———בין געשטאַנען

/

לעבן אים

4. ער האָט אַראָפּגענומען די אַלטע ברעטער,

אָדער: די אַלטע ברעטער האָט ער אַראָפּגענומען

5. איך———האָב דערזען

/ / \

א קנעפּל א מאַטבייע א נאָדל

|

פאַרזשאַווערטע

(בא „פאַרזשאַווערטע" ניט שטעלן קיין איבעריקן „א").

6. אין אָוונט האָט דער סטאָליער געענדיקט די אַרבעט,

אָדער: דער סטאָליער האָט געענדיקט די אַרבעט אין אָוונט.

(ערגער איז: דער סטאָליער האָט אין אָוונט געענדיקט די אַרבעט, אָדער געענדיקט די אַרבעט האָט דער סטאָליער אין אָוונט).

8. איך———האָב ניט דערקאָנט

/

הויז

/

אונדזער

(„ניט" שרײַבט זיך באַם פּרעדיקאַט; בא „הויז" ניט צוגעבן קיין באַשטים־וואָרט, ווײַל ער איז אין דער פראַזע ניטאָ).

10. האָט פאַריכט דעם גאַניק—פעלט א סוביעקט (ווער?)

סטאָליער דעם גאניק—פעלט א פרעדיקאט (וואָס געטאָן?)
סטאָליער האָט פאריכט—פעלט אן אָביעקט (וואָס?)
12. שליסל.
די ערשטע פראזעס (דער שולקרײַזל...)—פארפעלן.

מיר——————האָבן דערהאלטן
בדיוו
איײַער

דער אָנגריף——————האָט זיך פארשטארקט
פון די קאפיטאליסטן
בא אונדז
אין ריינלאנד-וועסטפאליע

(מע מעג פארפעלן די פראזע—א שווערע)
די קאפיטאליסטן——————האָבן ארויסגעוואָרפן
אפן גאס מעטאלארבעטער
230.000

מאָפר——————האָט אָרגאניזירט
קיכן פאר די ארבעטער
דאָזיקע

(מע מעג, קעדיי ניט ווידערשפרעכן מיט דער אָרטאָגראפיע, סכעמאטיזירן אזוי: פאר א״בעטער
דידאָזיקע)

די וועלט——————באוואָפנט זיך
נאנצע
איצטער

די קאפיטאַליסטן——————ווילן פירן
א קריג מיט איַיך

(„ווילן פירן" פארייניקט אין איין סינטאגמע פון אײנפאכקײַט וועגן; מע
מעג סכעמאטיזירן: ווילן






„קאַמפּגערוס" — איין וואָרט (אַ צונויפזאַץ). דעריבער דאַרף מען אים אין דער סכעמע ניט שפּאַלטן.

„זײַט גרייט" און די אונטערשריפט פאַרפּעלן.

דער בריוו איז גענומען פון אַ דײַטשישער פּיאָנערישער צײַטונג „Die Trommel" („דער פּויק"). מע קען זי אויסשרײַבן:

Москва 21, Б. Трубецкой пер. 16 Акад. Ком. восп., Иностранный отдел ЦПК.

## 18. פּריִערדיקע צײַט, פּאַרטיציפּ

לייענען אַ טעקסט פון כרעסטאָמאַטיע (אָדער אַ ליד—אויסווייניק), אויסקלײַבן די צײַטווערטער, אײַנטיילן זיי (מינדלעך אָדער שריפטלעך) אַף פּערזאָניקע און ניט-פּערזאָניקע.

דערמאָנען סוביעקט און פּרעדיקאַט, פּריִערדיקע און שפּעטערדיקע צײַט.

1. אויסקלײַבן עטלעכע פּריִערדיקע צײַטן און אַנאַליזירן, ווי ס'איז אָנגעוויזן אין טעקסט.

3. אַנאַליזירן די פּריִערדיקע צײַטן. געקומען, געפּײַפט—הייסן פּאַרטיציפּן.

7. אַנאַליזירן די צײַטווערטער.

## 19. שפּעטערדיקע צײַט, אינפיניטיוו, פלעג, וואָלט

1. ווענדן די אופמערקזאַמקײַט דערויף, אַז „מען" איז אַ סוביעקט (אַ סימען: וועט מען מעסטן, וועל איך מעסטן, וועלן זיי מעסטן...)

אויסקלײַבן אַלע אינפיניטיוון.

6. זיך דערמאָנען נאָך שפּריכווערטער מיט אינפיניטיוון.

8. „פאַרגעסן" איז אי אַן אינפיניטיוו, אי אַ פּאַרטיציפּ (איין וואָרט מיט צוויי באַטײַטן).

9. לויט שאָלעם-אַלייכעמס טעקסט דארפן זײַן די אינפיניטיוון: קומען, לערנען, ארויסנעמען, האלטן, וויסן, אויסגלעטן, איבערשנײַדן, איבערהאקן, צעשנײַדן, אָנשטעכן, לייגן.

דערמאָנען די פאָרמעס מיט פלעג און מיט וואָלט. וואָס קומט בא פלעג—אן אינפיניטיוו צי א פארטיציפּ? (אן אינפיניטיוו). און בא וואָלט? (סײַ אן אינפיניטיוו, סײַ א פארטיציפּ).

אופשטעלן פראזעס מיט פלעג און פארבײַטן פלעג אף האָב (אָדער בין). וואָס דארף מען נאָך פארבײַטן? (אינפיניטיוו אף פארטיציפּ).

דערמאָנט זיך שפּריכווערטער מיט וואָלט.

## 20. נאָך וועגן צײַטוואָרט

1. נעמען אלס מאטעריאל מינדלעכע רייד (א שילערס דערציילונג וועגן עפּעס), אויסטיילן צײַטווערטער, פּערזאָניקע צײַטווערטער, באשטימען זייער פּערזאָן און צאָל.

2. דו פרעגסט, ער פרעגט, זי פרעגט, איר פרעגט, דאָוויד פרעגט...; מיר פרעגן, זיי פרעגן, די קינדער פרעגן...

9. אויב עס בלײַבט צײַט—אָנשרײַבן א בריוו צו א צווייטער שול, און זען, אין בריוו זאָלן פאָרקומען וואָס פארשיידנארטיקערע פאָרמעס פון צײַט-ווערטער.

## 21. פּראָנאָם

1. ווו זײַנען דאָ נעמען פון מענטשן? וואָס באטײַטן „איך, דו"?

„איך" באטײַט איטען, ווען דאָס זאָגט איטע, און ווען דאָס זאָגט מישע, באטײַט דאָס מישען. „איך" באטײַט יעדערן, וואָס זאָגט עס.

„דו" באטײַט מישען, ווען דאָס זאָגט איטע צו מישען, און ווען דאָס זאָגט מישע צו איטען, באטײַט דאָס איטען. „דו" באטײַט יעדערן, וואָס מע רעדט צו אים.

אזא וואָרט, ווי איך, דו, הייסט פּראָנאָם.

4. אנאליזירן די ווערטער ער. אים, זיי, זי (וועמען מיינט מען מיט יעדערן פון די ווערטער?)

9. אנאליזירן די דרײַ „אירן".

10. דײַן נאָמען (פּראָוואָס באנוצן אנדערע דײַן נאָמען מער, ווי דו?).

11. אין די פראזעס וויס מען ניט אף זיכער, וועמען דער פּראָנאָם באַ-טײַט: געקויפט דעם קאסטן צי דעם שלאָס? א. א. וו.

12. מע דארף באנוצן פּראָנאָמען, קעדיי ניט איבערכאזערן איין סובסטאנ-טיוו אסאך מאָל אין איין דערציילונג.

מע דארף אָבער ניט באנוצן קיין פּראָנאָמען, ווען זיי קענען פלאָנטערן (ז. פונקט 13).

13. שליסל צום טעקסט:

איינמאָל איז ער (פּיניע) געקומען מיט א סקאַלעטשעטער נאָז. וואָס איז די מײַסע? ער האָט זיך באַם פרעסן אָפּגעבריט די נאָז. ווי קומט דאָס פרעסל צו זײַן נאָז? זאָגט פּינע, אז זײַן נאָז האָט ניט געוואָרט ביז דאָס פרעסל וועט זיך מאטריִען זײַן צו זײַן נאָז. ער קאָן באַשטיין, זאָגט ער, אז זײַן נאָז זאָל גיין צום פרעסל. ווי קומט זי, די נאָז, צום פרעסל? לאָזט זיך אויס, אז פּיניע האָט גאָר געזוכט א שטיקל ארבעט, און ווײַל ער האָט א נידעריקע ריִע, האָט ער זיך דעריבער אָנגעבייגן...

## 22. ענדערונגען פון פּראָנאָם

איינער אָדער עטלעכע שילער דערציילן עפּעס, וואָס זיי האָבן איבער-געלעבט אָדער געלייענט. אזא טעמע, אז עס זאָלן פאָרקומען די פּראָנאָמען מיך, דיך. דער לערער טיילט-אויס אָט-די פּראָנאָמען, און מע אנאַליזירט זיי.

3. דערשרײַבן יעדע פראזע לויט די פריִערדיקע.

4. פאַרפילן די טאַבעלע.

6. צוטראַכטן פראזעס מיט אלערליי פּראָנאָמען אַלס סוביעקט, אקוזאטיוו, דאטיוו.

## 23. בייגפאַלן פון סובסטאַנטיוו

2. ווו זײַנען דאָ, צווישן די אויסגעטיילטע ווערטער, פּראָנאָמען? אנאַלי-זירן יעדערן (סוביעקט, אקוזאטיוו, דאטיוו).

ווו זיינען דאָ נעמען פון מענטשן? אנאַליזירן (סוביעקט, אָביעקט).

בײַ א נאָמען פון א מענטשן איז דער אקוזאטיוו און דער דאטיוו אל-ציינס.

6. געפינען נעמען פון מענטשן, אנאַליזירן.

אנאַליזירן די אויסגעטיילטע ווערטער.

## 24. פּרעפּאָזיציע

1. א זייגער. אויסטיילן פּרעפּאָזיציעס, דערמאָנען פּרעפּאָזיציעס פון פאַרא-יאָריקן קורס.

2. א זייגער. אויסטיילן פּרעפּאָזיציעס.

3. אויסטיילן פּרעפּאָזיציעס. (ס'איז א ווערטערשפּיל מיט דער פּרעפּאָזיציע „מיט").

4. דערקלערן דעם וויץ. אויסטיילן פּרעפּאָזיציעס.

5. אופשטעלן פראזעס מיט די פּרעפּאָזיציעס.

9. פאַרוואָס מיינט מען אפריִער, אז יענער האָט עטלעכע שוועסטער?

10. פאַריכטן.

11. דערשרײַבן.

12. וואָסערע צוויי ווערטער קען מען שטעלן אָנשט. „אונטערן"? (אונטער דעם).

13. פארגלייַכן די באַטייַטן פון די פּרעפּאָזיציעס רעכטס און לינקס. (רעכטס אָרט, לינקס—ניט קיין אָרט).

14. געפינען די פּרעפּאָזיציעס. וועלכע באַטייַטן אָרט און וועלכע ניט?

## 25. פּאָסעסיוו

6. איך אליין. געפינען פּאָסעסיוון.

*8. מוסטער: דעם ברודערס בוך, דעם ברודערס זייגער...

דער לערער קען פאָרלייגן שפּאַסיקע קאָמבינאַציעס: „דעם פויקס פּיאַנער, דעם זייגערס בוך... — צי קען מען אזוי זאָגן?"

*9. זאָרעכס ברודער—א באַשטימטער (דער ברודער).

זאָרעכס א ברודער—אן אומבאַשטימטער (א ברודער).

אויב ס'וועט זיין שווער צו פאָרמולירן, קען מען זיך באַגיין אָן דעם, אָבער דערגרייכן, די שילער זאָלן קענען אופשטעלן פּראַזעס, קורצע דערציי-לונגען, ווו „זאָרעכס ברודער" און „זאָרעכס א ברודער" זאָלן באַנוצט ווערן ריכטיק.

## 26. דיקטאַט

שרייַבן ניט אין פערזן, נאָר נאָכאַנאַנדיקע שורעס.

## 28. אדיעקטיוו

1. וואָס קומט צו אין די לינקע פּראַזעם? (סימאָנים).

איבערשרייַבן די אויסגעטיילטע סובסטאַנטיוון אין 4 רובריקעס: ערשטער מין, צווייטער מין, דריטער מין, מערצאָל.

צו די איבערגעשריבענע סובסטאַנטיוון דערשרייַבן פון די לינקע פּראַזעס די סימאָנים.

2. מוסטער: א יונגער פּאַסטעך ( I מין ).

אויסטיילן די אדיעקטיוון. וואָס באַטייַטן זיי? (סימאָנים).

8. אנאַליזירן די אדיעקטיוון אלס סימאָנים.

## 29. ענדערונגען פון אדיעקטיוון

1. זוכט-אויף דריי מאָל דעם וואָרט „הונט". ווו איז ער א סוביעקט, און ווו אן אָביעקט? וואָס שטייט פאר „הונט" אין ערשטן פאל? אין צווייטן?

3. שטעלט אויף פּראַזעס, אז דיזעלביקע סובסטאַנטיוון זאָלן שוין דאָרטן זיין אקוזאַטיוון. וואָס ווערט מיט די אדיעקטיוון?

4. אונטער א נאסן. אנאליזירן די סובסטאנטיוון און דעם אדיעקטיוו אין דער פראזע: „א האָז באהאלט זיך אונטער א נאסן בוים".

אופשטעלן פראזעס אזוי, אז דיזעלביקע סובסטאנטיוון זאָלן דאַרטן זײַן סוביעקטן, אקוזאטיוון, דאטיוון. דערנאָך צוגעבן צו די סובסטאנטיוון אדיעקטיוון, וועלכע מע וויל, און באמערקן זייערע ענדערונגען.

## 30. נאָך וועגן ענדערונג פון אדיעקטיוו

4. אויסטיילן און אנאליזירן די אדיעקטיוון.

*6. א גוטער כאווער האָט מיר געליִען א בלײַפעדער.

א גוטער כאווערטע האָב איך געליִען א בלײַפעדער.

פארגלײַכן די בייגפאלן.

## 32. ווי מע מאכט סובסטאנטיוון פון צײַטווערטער

3. פאָרזעצן שריפטלעך.

4. נאָך אזעלכע געניטונגען — אפן טאָוול.

## 34. ווי מע מאכט סובסטאנטיוון פון סובסטאנטיוון

1. די שילער זאָלן זיך סטארען אליין דערמאָנען אזעלכע פאלן.

5. ס'איז דערזעלביקער סופיקס? (פארשטייט זיך, ניט: „ברודערקע" איז ניט א ברודער א פרוי). בא א גוטן צושטאנד פון קלאס קען מען דורכפירן א פאראלעל צווישן די סופיקסן — קע אין לערערקע — ברודערקע און אזעלכע ווערטער ווי באקן — באקן (האָמאָנימען).

6. „פעטער" האָט צוויי באטײַטן.

9. פונוואנען האָט דאָס קינד גענומען א וואָרט — „פויג"? — ער האָט גע-מיינט, אז „פויגל" איז א פארקלענערונג, אזויווי טישל, שטיבל.

## 35. ווי מע מאכט אדיעקטיוון פון סובסטאנטיוון

1. פארגלײַכן „שטעטלדיקער, שטעטלדיקע". פארוואָס איז איין מאָל שטעטלדיקער, א צווייטן מאָל שטעטלדיקע? ווי הייסן אזעלכע ווערטער? (אדיעקטיוון). צי קען מען צוגעבן — ער,-ע גלײַך צום וואָרט שטעטל? („א שטעטלער גלאָק, א שטעטלע גאס") ? פארוואָס? (שטעטל איז א סובסטאנטיוו). הייסט עס, אז מע גיט צו צו „שטעטל" דעם סופיקס „דיק", מאכט מען פונעם סובסטאנטיוו אן אדיעקטיוו, דערנאָך קען מען שוין צוגעבן די סופיקסן -ער, -ע, -ן — וואָס עס פאָדערט זיך.

8. שפאָספראגע: פון וואָס מאכט מען א מעשענעם סאמאָוואר — פון קופער צי פון שטאָל?

## 36. נאָך וועגן דעם, ווי מע מאכט אדיעקטיוון

5. פון א פארטיציפּ מאכט מען אן אדיעקטיוו נאָר דורכן לעצטן אדיעקטיווישן סופיקס — -ער, -ן אָדער -עם, ניט צוגעבנדיק פריִער קיין אנדער סופיקס.

8. דער צווייטער.

ציילן: דער אכט- און-נײַנציקסטער, דער נײַן-און-נײַנציקסטער, דער הונדערטסטער... ווי איז ווײַטער? (הונדערט ערשטער אָדער הונדערט איינטער).

11. שליסל.

אף די טײַכן סיבירער
קען עמעץ נאָך איצטער געפינען א צייכן, א שפענדל
פון מײַנס א צעבראָכענע פליט,
אין שניי אײַנגעפרוירענע טריט.

שטאָלענע שיפן אין רייען זיך שליסן —
נאָך זײַנען אונדז שלאכטן באשערט.
מאטראָסן פּאָרויס, און פּאָרויס, קאָמיוניסטן
אף וואך פון סאָוועטישער ערד!

פּאָרויס איבער זוניקע יאמען,
צום רודער, אין פעלד, אין זאוואָד.
אף 5 אָקעאנען זאָל ווייען און פלאמען
די פאָן פון סאָוועטישן פלאָט!

אין ברוסט פון דער שיף שלאָגן שווערע מאשינעס
ס'באוועגט זי א זיכערע האנט.
מיר האָבן הארמאטן און בײַסיקע מינעס —
א שוץ פונעם ארבעטער-לאנד.

## 37. וואָרצל

5. נאָך אזעלכע גענײטונגען (אפן טאָוול, אין די העפטן, מינדלעך).

9. דאָ זײַנען פארשיידענע ווערטער-קלאסן גענומען אין פארשיידענע רעמלעך.

מאכן נאָך אזעלכע גענײטונגען מיט די וואָרצלען גרין, פײַן, קלעפּ (קלעפּן און ד. גל.

10. ווײַל ס'איז ווײַס
ווײַל ער מאכט שלעסער
ווײַל מע שליסט מיט אים
א. א. וו.

## 38. סובסטאנטיוון - צונויפזאצן

1. דערמאָנען (פון פאראיאָרן) צונויפזאצן ; בײַשפּילן ; אויסטײַטשן זיי.

2. פאַרוואָס ראפינאד-פאבריק, ניט ראפינאדפאבריק? (עס זאָל ניט זײַן צו-פיל אויסיעס נאָכאנאנד).

3. וואָס איז א זייגערמאכער — א „זייגער" צי א „מאכער"? ווו איז דאָ דער הויפטטייל? דער באַשטימטטייל? אזוי מיט אנדערע צונויפזאצן (וועלטרײַזע, זעגלשיף, צייגבערשטל, לאָקשנברעט, קאלך-אויוון, שליטוועג...).

4. דעם ענטפער פארשרײַבן אין העפט. דער ערשטער שפראכגעזעץ, וואָס די שילער האָבן אליין פאָרמולירט.

5. אויסקלײַבן און אנאליזירן די צונויפזאצן.

אנאליזירן די ווערטער „הויפטטייל, באַשטימטטייל" (אין „באַשטימטטייל" איז „באַשטים" דער באַשטימטטייל).

6. ווו איז דער הויפטטייל? דער באַשטימטטייל?

עפשער ט׳איר צוטראכטן נאָך אזעלכע פאָרלעך?

7. אויסקלײַבן די צונויפזאצן.

ווי האָט דער לערער געהייסן שרײַבן : יוגנטפלאמען, צי יוגנט-פלאמען? (יוגנט-פלאמען, ווײַל א לענגערער און א נײַער וואָרט).

8. ווענדן אכט אף די צוויי טעסן אין „יוגנטטאָג". דערקלערן פאַרוואָס.

א צונויפזאץ געהערט צום זעלביקן מין, ווי דער הויפטטייל (אָדער : ווי דער צווייטער טייל).

9. וואסערשטוב.

10. שכאס (א צאָפן-ווינט קען דאָך ניט בלאָזן פון אן אנדער זײַט ווי פון צאָפן).

## 39. געקירצטע צונויפזאצן ; אדיעקטיוון, צונויפזאצן

1. די אויסערלעכע זײַט — פאָרמע פון א מעלדונג.

אנאליזירן די אויסגעטיילטע ווערטער.

2. פארגלײַכן די צונויפזאצן „קינדערהיים" און „ייִדסעקציע".

3. פארטײַטשן די געקירצטע צונויפזאצן.

4. וואָס פאר א וואָרט איז „גלײַכזײַטיקער" (אן אדיעקטיוו). פון וואָס איז ער אופגעשטעלט? (גלײַך — זײַט — און צוויי סופיקסן). דאָס איז אן אדיעקטיוו א צונויפזאץ.

5. דערגאנצן (שריפטלעך אָדער מינדלעך).

שליסל : גרויסשטאָטישע, קרומפיסיקער, ברייטפלייצעדיקער, פירשטאָקיקער, גוטהארציקער (גוטהערציקער), פירפיסיקע, איינטאָגיקער, רויטארמייִשער, גרינ-געפארבטער, דאָרעם-מיזרעכדיקער (בינדשטריך!) מײַרעוו-אייראָפּעיִשער, דאָרעם-אמעריקאנער.

## 42. בייזאץ און הויפּטזאץ

5. פונעם ערשטן זאץ אליין ווייס מען נאָך ניט, וואָסערע קלאָלים; פונעם צווייטן זאץ אליין ווייס מען ניט, וואָס האָט דער סאנקאָם אויסגעארבעט.

שטעלט אויף פוןביידע זאצן איין פראזע.

7. וועלכער וואָרט פארבינדט דעם בייזאץ מיטן סובסטאנטיוו אין הויפּט-זאץ? („וואָס").

8. „די ארבעט האָבן מיר אויסגעפילט" — הויפּטזאץ, „וואָס דער לערער האָט אונדז פארגעבן" — בייזאץ. מע קען זאָגן: „די ארבעט האָבן מיר אויס-געפילט, וואָס דער לערער האָט אונדז פארגעבן"? (ניין, יעדנפאלס איז עס ניט גוט געזאָגט).

10. די שול וועט ארויסגעבן צייגענישן אלע טאלמידים, וואָס וועלן ענדיקן דעם 4-טן לערניאָר; אָדער: די שול וועט ארויסגעבן אלע טאלמידים, וואָס וועלן ענדיקן דעם פערטן לערניאָר, צייגענישן. מע קען נאָך אנדערש: אלע טאלמידים, וואָס וועלן ענדיקן דעם 4-טן לערניאָר, וועט די שול ארויסגעבן צייגענישן (דאָ איז שוין אין הויפּטזאץ איבערגעשטעלט דער סוביעקט און דער אָביעקט).

## 44. טראַף, אקצענט

2. דעם צעטיילטן טעקסט לייענען לויטן ריטם; דער לערער קלאַפּט צו מיטן פוס אָדער מאכט מיטן האנט.

4. אויסטיילן די ווערטער מיט 1 טראף, מיט 2 טראפן א. א. וו.

5. איבערציילן די טראפן.

7. דאָ זיינען די ווערטער געשריבן אין א פארקערטן סיידער פון די טראפן: פארזאמלונג, ווערטער...; איבערציילן די טראפן.

שפּילן אין טראפן. איינער זאָגט א וואָרט און אנדערע גיבן-אָן ווערטער מיטן זעלביקן טראף, וואָס מיט אים הייבט זיך אָן דאָס ערשטע וואָרט. ווער סע גיט-אָן מער ווערטער מיטן זעלביקן טראף, דער זאָגט א ניי וואָרט און די איבעריקע גיבן ווידער צו צום ערשטן טראף פון דעם וואָרט אנדערע טראפן.

א צווייט שפּיל. איינער זאָגט א וואָרט פון איין טראף, דער אנדערער גיט צו נאָך א טראף, ס'זאָל זיך באקומען א ניי וואָרט; דער דריטער גיט צו צום צווייטנס טראף נאָך א טראף, א. א. וו., צ. ב.

טיש

טישטעך

טעכטער

טערקיי

קייען

...

8. דערמאָנען אקצענט (לאָגישן). „איצט וועלן מיר לערנען נאָך אן אנ־דער אקצענט".

דער לערער ווײַזט, אז „אָנקומען" (אָנשרײַבן אפן טאָוול) וואָלט מען גע־קענט ארויסריידן: אָ́נקומען, אָנקו́מען אָנקומע́ן. ווי רעדט מען ארויס אפ־דערעמעס? אָבער אָט־דעם וואָרט? (אפן טאָוול אָנגעשריבן: (באקומען)—באקו־מען, באָ́קומען, צי באקו́מען?

ווײַטער לייענט מען פון ביכל יעדן וואָרט אף אלע דרײַ מעגלעכע אוי־פאנים (מי́טנעמען, מיטנע́מען, מיטנעמע́ן...), און מע קאָנסטאטירט, ווי זאָגט מען אפדערעמעס.

9. אז מע זאָגט אָ́נקומען, איז דער אקצענט אפן ערשטן טראף (אָנ), אז מע זאָגט באקו́מען—אפן צווייטן טראף (קו). דאָס איז „אקצענט אין וואָרט". יענער אקצענט, וואָס איר האָט געלערנט פריִער, איז „אקצענט אין זאץ".

10. פארגלײַכן די אקצענטן אין די אויסגעטיילטע ווערטער. גייענדיק־אקצענט אפן ערשן טראף (גיי), גיי ענדיק—אקצענט אף ־ענ־ (דער ערשטער טראף פון צווייטן וואָרט); בעריע שאפט—צוויי אקצענטן (בע, שאפט; איבער א יאָר—צוויי אקצענטן (אי, יאָר).

| |
|---|
| אין א צונויפזאץ איז דער אקצענט אפן באשטימ־טייל |

## 45. קלאנג

1. וואָסערע קלאנגען גיט ארויס דער ווינט, דער וואלד, דער טײַך?

2. קאָפּל רעדט ניט ארויס די קלאנגען ק, ג (ניט זאָגן: קוף, גימל, אָדער קא, גע, נאָר טאקע: ק, ג), און פארבײַט זיי אף ט, ד.

פון וויפל טראפן באשטייט דער וואָרט „קאָפּעלע"? וועלכע? פון וועלכע קלאנגען באשטייט דער ערשטער טראף? (ק, אָ). דער צווייטער? דער דרי־טער? אזוי אנאליזירן נאָך א פּאָר ווערטער (אָן טראפיקע ל, נ).

4. זי רעדט ניט ארויס די קלאנגען נ, מ, און פארבײַט זיי אף ד, ב, (פארוואָס?—בא איר איז פארלייגט אין נאָז).

וועלכע קלאנגען גיט מען ארויס, אז מע שרײַט „ששש"? (ש, א; דעם ערשטן ציט מען לאנג).

וועלכן קלאנג גיט אַרויס מאָטל, ווען ער מאכט נאָך, ווי א ציג מעקעט: „מעעע״? (מ, ע; דעם צווייטן ציט ער לאנג).

6. אופמערקזאם מאכן דערויף, אז זש אין איין קלאנג, ניט צוויי (א דריי-פּרוּווט ציִען דעם קלאנג, וועט ער בלײַבן דערזעלביקער; פּרוּווט אָבער ציִען זו, וועט בלײַבן געצויגן נאָר ו; אזוי אויך וו.)

7. אָנשרײַבן דעם יִדישן אלעפבייז און קעגן יעדער אָס די אנטשפּרעכנ-דיקע רוסישע (אוקראִנישע, ווײַסרוסישע). דאָס אייגנס פארקערט (אָנהייבנדיק פון ניט-יִדישן אלעפבייז).

9. פארגלײַכן די ווערטער ליד—יאם. די אָס יוד באטײַט דאָ פארשיידענע קלאנגען: אין „ליד״ א וואָקאל, אין „יאם״ א קאָנסאָנאנט.

געפינען ווערטער, ווו ס'זאָל זײַן וואָקאלן מער ווי קאָנסאָנאנטן; וואָקאלן אזויפיל וויפל קאָנסאָנאנטן.

12. אויב מע שיידט ניט אונטער א און אָ, קען מען לייענען אף—אָף באק—באָק א. א. וו.

## 46. טראפּיקער ל, נ; ווייכע קאָנסאָנאנטן

1. וויפל טראפּן איז אין דער גאנצער שורע? וויפל וואָקאלן? וויפל וואָ-קאלן אין יעדן טראף?

2. דאָס אייגענע.

מיינט אָבער נישט, אז אין יעדן טראף איז שטענדיק א וואָקאל.

3. וויפל טראפּן איז אין יעדן וואָרט? וויפל וואָקאלן? וועלכע טראפּן זײַ-נען אָן וואָקאלן? מיט וואָס ענדיקט זיך יעדער טראף, וואָס אָן א וואָקאל?

4. טראכט-צו נאָך ווערטער מיט טראפּיקע ל, נ (מערצאָלן, פארקלענע-רונגען א. א.)

5. מע דארף זיך אָנפירן מיטן אומיטלבארן אקוסטישן אײַנדריק פונעם וואָרט. אין מעשעך פון דער ארבעט קען אָבער פאר די שילער קלאָר ווערן אַן אנדער קריטעריום: אויב פארן נ שטייט אַן ע (אָדער אַן אנדער וואָקאל), איז ער ניט טראפּיק, אויב ניטאָ קיין —ע, איז ער טראפּיק.

6. אנאליזירן: וואָל—קנ—דל, 3 טראפּן, פון זיי איינער מיט א וואָקאל, איינער מיט א טראפּיקן נ, איינער מיט א טראפּיקן ל; א. א. וו.

7. פארגלײַכן מינדלעך: מאניע—מאנע
פאניע—פאנען
זיאמען—זאמען
העניע—הענער

וואָס הערט זיך פארן ע אין „מאניע״, אין „מאנע״? א. א. וו. אויב די שילער זאָגן, אז אין „מאניע״ הערט זיך א יוד, דארף דער לערער פאר-גלײַכן: manie, manje, mańe אין manje איז א יוד (א קאָנסאָנאנט).

אין manie א יוד (א וואָקאַל) אָבער אין man'e — ניט דאָס און ניט דאָס, נאָר א ווייכער נ—n. שרײַבן שרײַבט מען א יוד, ווײַל ס'איז ניטאָ קיין אַנ-דער צייכן.

8. ארויסריידן ד, ט, ל, נ—הארט און ווייך.

9. פארגלײַכן: שפּיליע
שפּיל יע—

איין מאָל באטײַט דער יוד—ווייכקײַט פון לאמעד, א צווייטן מאָל—א באַ-זונדער קלאנג (קאָנסאָנאנט). פארגלײַכן זיאמע
איז יאם—

10. געפינען ווייכע קאָנסאָנאנטן. אין „ליאלקע"—ביידע לאמעדן ווייך, אָבער א יוד שרײַבט זיך נאָר נאָכן ערשטן, ווײַל נאָך אים שטייט א וואָקאל. אין „קרעמל"—א ווייכער לאמעד, אָבער קיין יוד שרײַבט זיך ניט.

ווי רעדט איר ארויס די ווערטער (דער לערער שרײַבט אפן טאָוול): טעאטער, ליטעראטור, טעלעפאָן, אינטערעס, דעפּוטאט, טיפּ, טעכניק, אידיי...? אויב די שילער ריידן ארויס ווייך (טיאטער, טיעליעפאָן...), דערקלערט דער לערער, אז אף יידיש איז עס ניט ריכטיק (אזוי רעדט מען ארויס אף רוסיש).

פארגלײַכן די אויסשפּראך וועטער—ветер, דיקער—дикий, דייע—идея, טיכל—тихо, טיש—тише, טעפּער (דער וואָס מאכט טעפּ)—теперь (עס קענען זיך טרעפן צווישן די שילער אזעלכע, וואָס זאָגן t'ixl אדג—דער-קלערט דער לערער, אז אזוי זאָגט מען אין אייניקע געגנטן).

11. וויפל טראפן? ווו זײַנען אקצענטן? איבער וויפל טראפן גייט אן אק-צענט? (אף יעדן דריטן טראף).

12. אויך אזוי אנאליזירן. איבערשטעלן: א ייִנגעלע האָט געלייענט א באַ-ריכט — וואָס בײַט זיך אינעם סיידער פון די אקצענטן?

13. אויך אזוי אנאליזירן. דערנאָך נעמען א פּראָזע-טעקסט אָדער א פּראָ-זע פון שילערשער רייד און אויך אזוי אנאליזירן. ווײַזט זיך ארויס, אז קיין איינהײַטלעכער סיידער פון די אקצענטן איז ניטאָ.

אָט-דאָס הייסט „פערזן" (יעדע שורע — א פערז), און אָט-דאָס איז ניט קיין פערזן.

*14. צוטראכטן עטלעכע פראזעס מיט א ריטם (ד. ה. אזעלכע, וואָס וואָלטן געקענט זײַן פערזן).

## 47. שטימיקע און שטימלאָזיקע קאָנסאָנאנטן

פארגלײַכן די ווערטער (מינדלעך). וואָס איז דער כילעק?

2. פארגלײַכן די קלאנגען ב—פּ, וו—פ... וועלכע קען מען ארויסריידן מיט א קאָל (מיט א שטימע) און וועלכע ניט?

4. אין „דו זינגסט" רעדט מען ארויס א ק, אָבער מע שרײַבט א ג, ווײַל די טעמע איז „זינג".

5. אנאליזירן די ווערטער. צוגעבן צו „פרווו" דעם סופיקס „סט" — וואָס ווערט? (ווערט prufst). אָבער מע שרײַבט „פרווסט".

6. דיקטאט (אפן טאָוול): דו זיצסט אפן שטול, דו זידסט ווי א סאמאָ-וואר. (zict ווערט ארויסגערעדט ביידע מאָל אלציינס).

7. קיין דערקלערונג געבן דארף מען ניט. (אויב די שילער פרעגן — איז געווג צו ענטפערן, אז די ווערטער זײַנען געקומען פון אנדערע שפראכן, און מע שרײַבט זיי, ווי זיי שרײַבן זיך אף יענע שפראכן).

8. דיקטאט (אפן טאָוול): די גרינגקײַט פון דער ארבעט. די גרינקײַט פון גראָז.

איר זעט, אז אָפטמאָל שרײַבט מען ניט ווי מע רעדט. ר ײ ד און ש ר י פ ט זײַנען צוויי פארשיידענע אויפאנים צום אויסדריקן געדאנקען.

10. געבן א באגריף וועגן קלאנגענשריפט און אידייענשריפט.

די ציפער 8 באטײַט ניט די קלאנגען axt, נאָר די צאָל „אכט", דערי-בער שרײַבט מען ניט „באטר8ן". מע שרײַבט אמאָל „8ונג!", אָבער נאָר פאר א וויץ.

נאָך אזעלכע וויצן: אָנשרײַבן „האסקאָמע" אין 4 קעסטעלעך, אין יעדערן ניט מער ווי איין אָס. | ה | א | ס | , | אָנשרײַבן „נעקאָמע" אין דרײַ קעסטעלעך. אָנשרײַבן (אף רוסיש) ласточка אין 4 קעסטעלעך.

## 48. קלאנגען און באטײַטן

1. שמועס וועגן בוכדרוקערײַ. (געווונטשן פריער מאכן אן עקסקורסיע). וויאזוי איז אָפגעדרוקט אָט-דער בוך, וואָס ליגט פאר אײַך? פון באזונדערע אויסיעס (מעטאלענע) שטעלט מען אוף גאנצע שורעס און זײַטלעך. (איבער-לייענען די ליד). פונקט אזוי שטעלט זיך אוף אונדזער רייד פון קלאנגען (פון קלאנגען — ווערטער, פון ווערטער — פראזעס, פון פראזעס — א גאנצע רייד).

איצט שטעלט זיך פאָר, אז דער זעצער זעצט אויס די אויסיעס שוכאל-מנע—ועט עפּעס ארויסקומען? אויסיעס אליין איז ווייניק—מע דארף זיי נאָך אזוי אויסזעצן, עס זאָל זײַן א זינען. אזוי מיט קלאנגען אין רייד אויך — זיי דארפן האָבן א ב א ט ײַ ט.

2. די באָבע ווייס ניט דעם באטײַט פונעם וואָרט „טראקטער".

4. פאנאדערקלײַבן די באטײַטן: יאנקל—א מענטש (אייגננאָמען). מאָלט—א ט ו ו נ ג, שיין—א סימען, גאנצענע—א סימען, טעג—א צײַט, א. א. וו.

5. וואָס באטײַטן די ווערטער? (גאָרניט. דאָס זײַנען קלאנגען אָן בא-טײַטן).

6. די ווערטער דעטעקטאָר, שיסעלע מיט קרישטאָל... האָבן באטײַטן צ י ניין? (זיי האָבן, נאָר ניט יעדערער ווייס זיי).

7. צי ווייסט איר די באטײַטן פון אלע ווערטער?

## 49—50. וויאזוי ווערטער ווערן אָרגאניזירט

4. אין לימעד 48 איז פאראן א באשרײַבונג (4) אָן איין באהילפיקן וואָרט. אָבער דאָס איז א זעלטנהײַט.

9. אייגנטלעך קען אין יידע פראזעס זײַן „מיר" דער סוביעקט (בא געהעריקער אינטאָנאציע), און אויך פארקערט—„מיר" דער אָביעקט. אָבער דאָס דארף דער לערער איגנאָרירן (אויב די שילער אליין וועלן עס ניט באמערקן, און אָנעמען, אז אין דער ערשטער פראזע איז דער סוביעקט „מיר", אין דער צווייטער „זיי".

11. דערקלערן „געזערד, שרײַבמאשינעס, טעלעפאָנען", אויב די שילער וויסן ניט. אגעוו האָבן זיי דאָ א בײַשפּיל, אז איז צײַטונגען שרײַבט מען אָפט שלעכט: פון די צײַטונגען דארף מען זיך ניט לערנען שרײַבן. („פארוואָס שרײַבט מען שלעכט?"—מע קען דערקלערן: ווײַל אָפט איז ניטאָ קיין צײַט דורכטראכטן).

15. וואָס פעלט דאָ? (דערמאָנען פערזאָן, מין, צאָל, בייגפאל). פארגלײַכן מיט פונקט 16.

16. געפינען די פערזאָניקע צײַטווערטער און די סוביעקטן. באשטימען בא די פערזאָניקע צײַטווערטער די פערזאָן און צאָל און דערקלערן זיי (פארוואָס „קומען" ניט „קומט"? ווײַל סוביעקט „טעג", ניט „א טאָג"; א.א.וו.)

17. איך רוף מוישען — מוישע רופט מיך
דו רופסט מוישען — מוישע רופט דיך
ער רופט מוישען — מוישע רופט אים
מיר רופן מוישען — מוישע רופט אונדז
איר רופט מוישען — מוישע רופט אײַך
זיי רופן מוישען — מוישע רופט זיי

18. געפינען די אדיעקטיוון און זייערע סובסטאנטיוון (גילדענע ברעגן, בראָנזענער רעגן . . .). באשטימען בא די אדיעקטיוון די פאָרמעס פון צאָל, מין, בייגפאל און דערקלערן זיי (פארוואָס „גילדענע", ניט „גילדענער"? ווײַל דער סובסטאנטיוו איז „ברעגן" ניט „א ברעג"; א. א. וו.).

עקספערימענטירן: שטעלט אָנשטאָט „א רעגן" — „רעגנס"; וואָס וועט ווערן מיטן אדיעקטיוו? אָנשטאָט „זעגן" — „איר"; וואָס וועט ווערן מיט די פערזאָניקע צײַטווערטער? („כריפעט איר און לויפט"). א. א. וו.

19.* צוטראכטן פראזעס לויט דידאַקטישע סכעמעס, צ. ב. דער ייִנגערער ברודער רופט דיך; ער האָט מיר געוויזן א שיינע שפּיל.

היימישע פארגעבונג—ארויסשרײַבן פון א כרעסטאָמאטישן טעקסט סובסטאנטיוון, אדיעקטיוון און צײַטווערטער.

## 53. שפּראַכן

1. שמועס וועגן פאַרשיידענע שפּראַכן. ייִדןריידן אַנדערש ווי רוסן (או־קראַיִנער, ווײַסרוסן). זאָגט אַ פּראַזע אַף ייִדיש און זעצט זי איבער אַף אַן אַנדער שפּראַך: גאָר אַנדערע קלאַנגען, אַנדערע ווערטער.

איבערזעצן אַ קורצע דערציילונג אָדער אַ פראַגמענט אַף אַן אַנדער שפּראַך.

צי קענען זיך אופריידן מענטשן פון פאַרשיידענע שפּראַכן? (איבערלייע־ בען די דערציילונג).

2. (פאַרן לייענען אָדער נאָכן לייענען). דער לערער דערציילט די מײַסע מיט „קאַניטפאַרשטאַן“. איינער איז געווען אין האָלאַנד. קיין האָלענדיש האָט ער ניט געקענט. זעט ער גרויסע קראָמען מיט סכוירע, פרעגט ער: וועמעס איז עס? ענטפערט מען אים: קאַניטפאַרשטאַן (ד. ה. איך קען ניט פאַרשטיין). און ער האָט געמיינט, אַז אַזוי הייסט דער אייגנטימער פון די קראָמען. אַזוי מיט שיפן א. ד. ג. ער האָט באַוווּנדערט קאַניטפאַרשטאַנס רײַכקײַט.

3. דערמאָנען די פרעמדווערטער פון לימעד 48 (פּונקט 6). א וואָרט קען אַמאָל „אַריבערגיין“ פון איין שפּראַך אין דער אַנדערער, ד. ה. מענטשן, וואָס ריידן אַף אַן אַנדער שפּראַך, זאָלן אים אָנהייבן באַנוצן. (אויב דער צושטאַנד פון קלאַס דערלויבט—דערמאָנען וועגן אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער).

4. דער ווידערקאָל (עכאָ).

## 54. דיִאַלעקטן

דער לערער דערציילט:

כײַעם, אַן אוקראַיִנער ייִנגל, איז געקומען אַף זומער קיין ווײַסרוסלאַנד. איינמאָל שפּילט ער אַפן הויף מיט בערלען, פּלוצים דערהערט ער א קוואָקען מיט אַ געפּילדער.

— אונדזער הון האָט זיך געלייגט! — האָט בערל אויסגעשריִען.

כײַעם האָט זיך פאַרוווּנדערט:

— דעם ערשטן מאָל הער איך, אַז הענער זאָלן זיך לייגן! אַ „הון“, ווייס איך, קרייט, און אַ „הין“ לייגט זיך!

פאַרוואָס האָבן זיי איינער דעם אַנדערן ניט פאַרשטאַנען?

2. מיט וואָס שיידן זיך אונטער די דיִאַלעקטן? (אויב אין קלאַס זײַנען ניט פאָרגעשטעלט פאַרשיידענע דיִאַלעקטן, מעג מען די פראַגע פאַרפעלן).

4. ווי דאַרף מען שרײַבן: פלייש צי פלײַש? האָן צי הון? א. א. וו. דער־ מאָנען אַזעלכע ווערטער ווי לויפן — לייפן, אַרבעט — האַרבעט, באַנק — בײַנק, געזונגען — געזינגען.

(מע מעג אָבער שרײַבן: ניט און נישט, טאָן און טון, ריידן און רעדן...)

ריידן מעג יעדערער ווי ער איז געוווינט, כאָטש אַזעלכע ווערטער, ווי מענטש (ניט מענץ), שוסטער (ניט סוסטער), טאַטע (ניט טאָטע)...

פאַרגעבונג: אַרויסשרײַבן ווערטער, וואָס שרײַבן זיך אַנדערש ווי זיי לייענען זיך.

## 55. דיִאַלעקטן און ליטעראַרישע שפּראַך

1. דערמאָנען פון פריִערדיקן לימעד, אַז דיִאַלעקטן שיידן זיך אונטער אין די קלאַנגען. פאַראַן נאָך אַנדערע אונטערשיידן. (איבערלייענען דעם שפּאַס).

3. וועגן פּראָווינציִאַליזמען. ברענגען בײַשפּילן. פאַרוואָס מײַדט מען זיי אויס אין ביכער? אין ביכער, צײַטונגען — ביכלאַל אין ליטעראַטור—שרײַבט מען אַף דער ליטעראַרישער שפּראַך, ד. ה. אָן פּראָווינציִאַליזמען.

דערמאָנען די פאָרמעס מיך, דיך. אין אַסאַך ערטער אין ווײַסרוסלאַנד באַנוצט מען זיי ניט אָבער אין דער ליטעראַרישער שפּראַך זײַנען זיי פאַראַן, דעריבער טאָר מען ניט שרײַבן: ער האָט מיר געזען, נאָר: ער האָט מיך געזען. דערמאָנען דעם אונטערשייד אין מין (דער טישל — דאָס טישל).

4. היימישע אַרבעט קען זײַן: פאַרשרײַבן פּראָווינציִאַליזמען אָדער זיך גרייטן צום לימעד 56.

## 56-57. איבערכאַזערונג

אַנאַליזירן דעם טעקסט, אויסקלײַבנדיק די דערשײַנונגען, וואָס די שילער האָבן געלערנט.

אויב ס'בלײַבט צײַט, איז נוציק דורכמאַכן נאָך אַזאַ איבערכאַזערונג: לייענען, קעסיידער אָדער ניט קעסיידער, דעם אַלפאַבעטישן צעטל טערמינען (אין סאָף בוך) און זיך דערמאָנען זייערע דעפיניציעס (אָדער דערקלערונגען); די טערמינען פון IV לערניאָר — טאַקע דאָ גופע אופזוכן אין בוך און דורכקאָנטראָלירן. מע קען צעטיילן די אַרבעט צווישן די שילער, געבנדיק יעדערן איינעם—צוויי טערמינען.

## 58-59-60. באַהאַנדלען דעם בוך, בריוו צום אווטאָר

א פאַרזאַמלונג. דער לערער (אָדער עמעצער פון די שילער) — א פאָרזיצער. די טעמע — דער אַרבעטבוך „שפּראַך”, זײַנע כעסרוינעס און מײַלעס. אויב די צײַט לאָזט, קען מען עס פאַרבינדן מיט דער באַהאַנדלונג פונעם לימעד גופע. א סעקרעטאַר פאַרשרײַבט דעם וויכטיקסטן טייל פון די דעבאַטן. באַ קעגנגעזעצטע מיינונגען וועגן איין פראַגע — שטימט מען אָפּ.

דערנאָך באַהאַנדלט מען דעם בריוו, וואָס מע וועט אָנשרײַבן דעם אווטאָר. צוועק פונעם בריוו (דער אווטאָר זאָל קענען פאַרבעסערן דעם לערנבוך, ווען מע וועט אים אַרויסגעבן א צווייטן מאָל); אינהאַלט (אַלע אָנווײַזן, וואָס זײַנען פאַרשריבן אין פּראָטאָקאָל, צי עפּשער איינציקע, ווייניקער וויכטיקע, אַרויסוואַרפן?), אויסערלעכע זײַט (אָרט, דאַטע, ווענדונג; אונטערשריפטן, אַדרעס אַף צוריק).

דעם בריוו אָפּשיקן אַפן אַדרעס Москва, 48, 2-ой Воздвиженский пер. 4, кв. 46, А. Зарецкому